# אפשר

## ערשטער קאַפּיטל

ד ע ר טאָג געווען איז מיד און הייס
און אַלץ האָט דאָ געשמעקט אין שווייס,
ווי ס׳שמעקט אַן אויסגעשוויצטע העמד.
און אין דער גרויסער, טיפער פרעמד,
דער טאָג האָט אויסגעוויזן קאַרג...
נאָר גרויס געלעגן איז דער באַרג,
און אונטן צו דער גאַנצער וועלט
אַראָפּגעקוקט האָט מיין געצעלט
אין שטילער איינזאַמקייט פאַרזונקען.

אין גרינער רו האָט זיך געטרונקען
העט־ווייט, אַרום דער פרילינג דאָ,
ביז שפּעטער אָוונטדיקער שעה,
ביז וואַנענט ס׳האָבן זיך די שטערן
צעצונדן, ווי די ליכט אין רערן —
אין רערן גילדערנע געדיכט,
און זיך צעברענט מיט קאַלטן ליכט —
האָב איך מיט מיינע הוילע הענט
דאָ צוגעגרייט דעם פונדאַמענט —
אַ פונדאַמענט פון שטיין און ליים,
פאַר מיין פאַרטראַכטער נייער היים.

דער פרילינג האָט דאָ דאַן געבליט
דורך קלאָרע טעג מיט הייסן צווייט.
דער ווינט געקנוילט האָט זיך אין גראָז
און ווייט אַרום אין בלאָ און ראָז
האָט זיך געשפּרייט דער האָריזאָנט.
און דאָ האָב איך זיך ערשט דערמאָנט
אָן מיין פאַרלאָזטער, אַלטער ערד,
וו אַלץ, געוויס, איז שוין צעשטערט
פון דער אַמאָליקער ראָמאַנטיק.
די ערד פון יענעם זייט אַטלאַנטיק —

מיט הייסן בלוט איז איצט באַגאָסן,
און גאָר דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן
געוואָרן דורך פאַרשמוצטע הענט
אויף יענעם ווייטן קאָנטינענט.

האָב איך זיך איצטער אָן איראָפּע
דערמאָנט אין מיין פאַרבענקטער שאָפּע...
דערמאָנט האָב איך זיך אָן אַ לעבן,
וואָס האָט מיר גאָרנישט ניט געגעבן,
וואָס האָט מיך שטענדיק, אָן אַ גרונט,
אַרומגעטריבן, ווי אַ הונט:
פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט
מיט מידן, זוכעדיקן טראָט,
מיט גרינעם פּחד העל צעצונדן
אין אויגן אָפענע, ווי ווונדן,
מיט קאַלטן שרעק, ווי קאַלטער אייז,
מיט הונגער, און מיט שמוץ, און לייז,
מיט פּייך, מיט וויטאָק, און געפּאַר,
און מיט פאַרבענקטן, טיפן צער...
אָן דעם האָב איך זיך איצט דערמאָנט
ביים ראַנד פון נייעם האָריזאָנט.

אין ווילדערניש פון היגן לאַנד,
וווּ ס׳ליגט די ערד פאַרצערט אין בראַנד,
וווּ ס׳לעשט די זון זיך קיינמאָל אויס,
וווּ ס׳שמעקט אַפילו נישט די רויז,
וווּ גראָז איז האַרט און ערד איז רוי,
און קאַרג און הייס איז קאַרגער טוי:
רק זאַמד און שטיין און היץ און שטייב —
דאָס לאַנד פון „ספּרינגבאָק״ און פון לייב,
דאָס לאַנד פון „זולוס״ און פון „סוואַזיס״ —
דאָ האָט אַ גליקלעכער אָאַזיס
פאַר מיר זיך, סוף כּל סוף, צעבליט
מיט שטילער רו און ווייסן צווייט.

אַזוי האָב איך די שטאָט פאַרלאָזן
און צווישן האַרטע, ווילדע גראָזן,
אין בערג משופּעדיק און הויך,
וווּ ס׳רויכערט זיך ווי בלויער רויך

צום באַרג אַרויף פון אָקעאַן —
אַ בלויער, וואַרעמער טומאַן —
האָב איך זיך גליקלעכער פאַרקליבן
און פון דאָס נײַ געגומען ליבן,
געגומען גלויבן אין אַ גאָט...

איך בין אַוועק פאַרשעמט פון שטאָט.
— איר ווילט די שטאָט? — טאָ נאַט איך, האָט עס.
איך גיב זי אָפּ אָן שום חרטות.
איר קענט זי האָבן איצט אויף אייביק,
די גאַסן טומלדיק און שטײַביק,
די הײַזער אײַערע פאַרצערט, —
זיי שטייען אײַנזאַם אויף דער ערד.

און איר אַליין אין טיפן קלעם
באַגעצט קיינמאָל נישט אײַער ברעם,
איר צינדט אַפילו נישט קיין טרער,
ווען איר פילט נעבעכדיק און שווער.
איר זײַנט אַזוי מין שטאַרק געשטראָפט,
אַז נישט איר גלויבט און נישט איר האָפט.
ס'איז האַרט געוואָרן אײַער הויט.
איר פילט נישט מיט דעם פרעמדנס נויט
און ווי חזירים — קאַרג, געמיין
איר לעבט פאַר זיך, פאַר זיך אַליין...

און פול מיט זינד, ווי הורן־שלעפּער,
איר שעפּט די שמוץ מיט פולן שעפּער
אין וועלט פון פרעכע אונטערצינדער,
פון מוסרים, אויסוווּרפן און שינדער
מיט פעטע, אָפּגעשטשאָפּטע לײַבער...

איר צאָלט פאַר תאווה און פאַר ווײַבער,
איר צאָלט מיט גאָלד פאַר פוילער זנות:
אַ פונט פאַר יעדן טאַפּ און קוש,
אַ פונט פאַר יעדן ריר און גלעט...
דער פונט פאַר איך באַפוילט און רעדט,
ווײַל קאַלט און פאַלש איז אײַער וואָרט...
דערפאַר פאַרשאָלטן איז דאָס אָרט
אַוווּ איר גייט און וווּ איר שטייט —

דערפאַר פאַרשטיקט איז אייער פרייד.
איר לויפט אַרום מיט הינט צו גלייך,
וואָס זיינען גליקלעכער פון אייך,
ווייל הינט, זיי ווייסן ווער און וואָס,
זיי האָבן כאָטש אַ באַלעבאָס
און היטן אין דער נאַכט זיין טיר, —
נאָר איר, למשל, — וואָס טוט איר?...

און דאָך וויל קיינער נישט פאַרשטיין,
ווי לעכערלעך איר זיינט און קליין,
ווי פּוסט איר לעבט אויף מיסט און שמוץ,
ווי קאַרג ס'איז אייער האָב און גוטס.
ביים אָרעמאַן אַ שטיקל ברויט —
(אין זיין פאַרקלעמטער, טיפער נויט)
איז זיסער טויזנט מאָל, געוויס,
ווי דאָס געקעכץ אויף אייער טיש,
הגם עס רינט פון דעם מיט שמאַלץ.
נאָר דאָס, נאָר דאָס איז נאָך נישט אַלץ...

מיט קאַרגע זעכציק יאָר צוריק
האָט זיך צעשפּילט דאָ אייער גליק.
איר האָט דערשמעקט די גאָלדנע קאַלב
פּונקט ווי די ערשטע יונגע שוואַלב
דערשמעקט דעם אָנקום פונעם פרילינג.
דער האַרטער, אויסגעשוויצטער שילינג
איז דאַן געוואָרן אייער גאָט.
פון דאַמלסט אָן האָט זיך די שטאָט
גענומען בויען ברייט און פעסט
פאַר ווייב און קינד, פאַר זיך און געסט,
פאַר אַנלויפער אַ סך, אַ סך —
מיט וועג און „בוש", מיט ברייטן שליאַך,
מיט שווערן אָקס, מיט פערד און פור.
דער ענגלענדער, דער ייד און בור,
צוזאַמען אַלע: — האַר און שקלאַף,
האָט זיך געאיילט אין איין געלאַף,
אין איין געלאַף — סיי ווייס און שוואַרץ, —
און ס'האָט ביי אַלעמען דאָס האַרץ
געקלאַפּט: — מען האָט געפונען גאָלד,
וואָס מענטשן האָבן אַזוי האָלט...

מען גראָבט, מען כאַפּט מיט רויע הענט
גלייך ווי דאָ וואָלט אַרום געברענט,
מען גראָבט אַלץ טיפער — גרוב נאָך גרוב...
דער מענטש, ער בויט דאָ שוין זיין שטוב,
ער בויט אַ קלויסטער און אַ שענק,
און ס'עפּענען זיך זשעדנע בענק:
נו, נו, — דאָס גאָלד זשע גיט אַהער...
און אַלע טראָגן אַזוי' שווער
די זעקלעך מזלדיקן ערץ
אין באַנק מיט קלאַפּעדיקן האַרץ...

דערנאָך — דער עולם פון די בענק
קלייבט זיך צוזאַמען אינעם שענק.
דאָרט זיצט ער ברייטלעך און ער טרינקט,
ער שכורט שעהן־לאַנג און שטינקט
אין טשאַד פון רויך און גראָבע רייד,
אין טשאַד פון שוויס און פּראָסטער פרייד,
מען שכורט דאָרט אַריין ביז שפּעט,
מען טראַכט פון ווייב און הייסן בעט,
אַ מויד מען חלשט טאָן אַ קוועטש,
און אָפט דערגייט דאָרט אַזש ביז פּעטש
צוליב אַ זונה פון דער גאַס...
נאָר ס'גייט אַריבער באַלד דער כעס
אין הייסער שכרות פון די נעכט —
מען קומט שוין ווי ניט איז צורעכט: —
אַ פונט פאַר יעדן טאַפּ און קוש,
אַ „פּייוועך" פאַר אַ ביסל זנות...
מיט פונטן קען מען אַלצדינג טאָן:
אַפילו קויפן פון אַקציאָן
זיך צו דערוואַרעמען — אַ ווייב,
אַ מויד אַ חצופה... אַ שטיק לייב...

אַמאָל, אין טוכלע קאַבאַרעטן
געזונגען האָט זי פרעך קופּלעטן,
און פרעך געהויבן אירע פיס...
זי שטייט אין שענק איצט אויף אַ טיש
אין געשטאַנק פון וויין און רויך,
די הענט פאַרלייגט אויף רונדן בויך
און וואַרט אַ נאַקעטע געדולדיק.

די מענער בלייבן איר נישט שולדיק:
מען שאַצט זי מיט געניטן אויג
און מען באַשמעקט זי ווי אַ צויג,
מען מעסט איר גאַנצן קערפּער אָפּ —
פון אירע פיס אַזש ביזן קאָפּ,
ווען זי שטייט גלייך אָט ווי אַ סטרונע.
די זכרים גאַוועדן מיט סליונע,
באַלעקן זייער גראָבע לופּ
ווי נאָך אַ טעלער פעטן זופּ
און יאָגן מוראַדיק דעם מקח: —
„כי־כי, — אַ הינטן ווי אַ לעקעך"
„איז נאָך אַ פונט. וואָסי? — ט'אי׳ ווערט"...
און פונקט ווי מען פלעגט קויפן פערד
אַמאָל אויף היימישע ירידן —
אַזוי פלעגט מען דאָ אויך צופרידן
דאָן קויפן אויסגעשעפּטע לייבער
פון זונות און פון בלאַטע ווייבער,
פון לאָנדאָן אַזש אַהער געבראַכט
פאַר הייסער תאווה פון דער נאַכט...

די ערשטע יאָרן אויפן „ריף",
ווען ס'זיינען מינעס ברייט און טיף
געוואַקסן אויף די היגע ליימען —
געשטאַנען פוסט זיינען די היימען
פון אַלטע בחורים הולטייעס.
אַזוי ווי הונגעריקע חיות
האָט מען געלויערט נאָך אַ מויד
אָן אונטערשייד פון שטאַם און הויט.
די מאַנסבילן פון יענער צייט,
זיי האָבן יעדע פרוי פאַרדייט:
ווייסע, שוואַרצע — אַלץ אגאַל.
ערשט געקומענע פון „קראַל"
האָטענטאָטן, קאַזאַס, זולוס —
נאַקעט־אויסגעפּוצטע בתולות
צו דער וואַקסענדיקער שטאָט.
אָנגעוויקלט פיס מיט דראָט,
אָנגעהאַנגען גלאָז און קרעלן,
און פאַרדעקט די שאַנד מיט פעלן,
האָבן זיי גאַנץ־גוט געוווסט,

אַז ס׳איז זייער שוואַרצע ברוסט
פֿאַרן ווייסן אויך אַ קערן.
און דער ווייסער האָט זיי גערן
טאַקע צו זיך צוגעטולעט
און דורך נאַכט מיט זיי געהולעט,
דורך דער ווינטער־נאַכט דער לאַנגער
ביז זיי האָבן דאָ פֿאַרשוואנגערט.

און אויפֿגעגאַנגען איז אַ דור
מיט שוואַרצע קעפּלעך קאָפּער־האָר
פֿאַרקרויזט אין קרייזעלעך ווי וואָל
מיט הויטן, ווי פֿאַרראָסטער שטאָל,
מיט אויגן פֿול מיט גרויל און שרעק,
וואָס שרעקן זיך פֿאַר פּוסטע טעג,
פֿאַר ווייסטע, הונגעריקע נעכט —
אַ דור פֿון שקלאַפֿן און פֿון קנעכט.

זיך אויפֿגעהאָדעוועט אויף גאָרנישט
און אַלץ פֿאַרנומען, אַז מען טאָר נישט:
מען טאָר נישט דאָס, מען טאָר נישט יענץ,
ווייל מען איז נישט קיין ווייסער מענטש —
מען טאָר נישט גיין ביז שפּעט אין גאַס,
מען מוז אַרומטראָגן אַ פּאַס,
זיך היטן שטענדיק פֿאַר אַ קלאַפּ
און לעבן בלויז אויף „מילי־פּאַפּ",
אויף ברעקלעך פֿון די ווייסע טישן,
אויף האַרטן, צוגעטיילטן ביסן,
אויף קאַרגן, הונגעריקן לוין —
ווייל דער איז ווייס און דער איז ברוין.

און באָרוועס, אָפּגעריסן, אָרעם,
די קינדער דאָ פֿון הייסן דרום,
קרוע־בלוע: — הוילע שמאַטעס —
אָפּבלייבעכץ פֿון ווייסע טאַטעס,
ווו געגעכטיקט, ווו געטאָגט,
היימלאָז, ווי די הינט פֿאַריאָגט, —
טרינקער, ליגנער, פֿול מיט האַס,
שטיפֿקינדער פֿון ווייסער גאַס —
וואַרטן זיי דאָ גאַנצע טעג

אויף אַ בלוטיקן געשלעג:
ווען מען ברעכן ריפּ און ביין,
ווען מען געבן אין די ציין,
ווען מען מסרן, פאַרקויפן...
שנאָרן זיי אויף אַלע הויפן,
זוכן דאָ אויף אַלע מיסטן:
אפשר וועט מען אַן אומזיסטן
שטיקל האַרטן ברויט געפינען.
קריכן אום זיי, ווי די שפינען
אויסגעדאַרטע, פול מיט עקל,
קלייבן זיי דאָ יעדן ברעקל,
וואָס מען שיט אַמאָל אַרויס
פון דעם ווייסנס זאַטן הויז.

און דערווײַלע טאָג און נאַכט
האָט מען אין דער מוטער־טראַכט
פון דער מאַמע־ערד געגראָבן.
מען ט׳געהאַלטן אין איין סקראָבן —
טיף דעם האַרטן שטיין געקריצט
אין דער פינסטער, שמוץ און היץ,
מען ט׳געגראָבן טיפער, טיף...
מען ט׳צעלעכערט דאָ דעם „ריף",
קרום פאַרשניטן אַ שטיק לאַנד
מיט אַן איינגעשפּאַרטער האַנט
און געזיפּט דעם זאַמד, דעם שטויב
מיט פרומען, גאָטספאָרכטיקן לויב,
מיט אינערליכן בלינדן ציטער —
ווי דער ווינט פאַר אַ געוויטער,
ווי אין נאַכט דער שפּעטער ווינט...

און מענטשן אָנגעפילט מיט זינד,
ווי פולער, אויסגעפויזטער טייך,
געטרוימט האָבן צו ווערן רייך,
צו ווערן רייך אויף גיך, אויף גיך —
אַרײַנכאַפּן די וועלט פאַר זיך,
די גאַנצע וועלט אין איין מינוט...

האָט אויסגעמישט זיך שווייס מיט בלוט,
געפילן מענטשישע און פרייד —

מיט האַרטע, פּראָסטע, גראָבע רייד,
מיט זידלערייען און מיט האַס,
מיט קינא ווילד ביז משוגעת,
און ס'האָט דער מענטש זיך נאַקעט־הויל
אַנטפּלעקט דאָ מיט זיין גאַנצן גרויל...
און אין געיעג נאָך גאָלד און געלט,
נאָך גאָר דער רייכקייט פון דער וועלט,
נאָך גאָר די אוצרות פונעם לאַנד —
האָט דאָ דער מענטש מיט קרומער האַנט
אַראָפּגעשניטן אַ שטיק ערד
(אַזוי איז שוין געווען באַשערט)
און לאַכנדיק פון שד און גאָט —
גענומען בויען דאָ די שטאָט.

און זעכציק יאָר זיינען פאַרביי
אין שווינדל, ליגנס, גאַרעריי,
אין טרוים פון איידעלן מעטאַל.
און קאפּערס פון דעם וויטסטן קראַל
געטריבן האָט מען צו דער שטאָט
מיט האַרטן, באָרוועסנעם טראָט,
דורך הייסן, אָנגעברענטן בוש
אויף מיילן צענדליקער צופוס —
דורך טעג געטריבן און דורך נעכט,
ווי כאָפּטעס איינגעקויפטע קנעכט,
ווי הונגעריקע סטאַדעס שאָף,
אָן ברויט געטריבן און אָן שלאָף —
מיט אַ צוגעטיילטן קלאַפּ: —
פאַר אַ ביסל מילי־פּאַפּ,
פאַר אַ שטיקל שוואַרצן ברויט —
שוואַרץ, ווי זייער שוואַרצע הויט...

און זעכציק יאָר האָט מען געריסן
שווער, פאַרעקשנט און פאַרביסן,
ווי די חיות, מיט די ציינער
אין די גרונטן האַרטע שטיינער,
זיי געקרישלט און געשטויסן
און פאַרשמוצט דעם גאַנצן דרויסן
מיט די זאַמדן — הויכע קופּעס,
אָנגעבויטע ווענט און סלופּעס,

וואַגאָנעטקעס, רעלסן, קריינען, —
רויכן ביטערע צום וויינען,
הייבערס, ליפטן, אייזן, דראָטן,
בערג מיט מיסטן אָנגעשאָטן
רונד אַרום, ביי אַלע מינעס.
גרילצן טאָג און נאַכט מאַשינעס,
און אנטענעס פרעכע קוויטשן —
הויכע קוימענס, פונקען, בליצן,
פינסטערע און טיפע שאַכטעס...

מענטשן שמוציקע, פאַרשמאַכטע,
פון דער גאָרער וועלט פאַרגעסן:
נישט דערטרונקען, נישט דערעסן, —
לאַנגע, גרויליקע מעת־לעתן,
גראָבן איינגעשפּאַרטע, גראָבן —
מיט די נעגל אַזש זיי סקראָבן
דאָ דעם אָדער גאָלד, דעם הייסן.
און עס רינען מוטנע שווייסן
פון די קלעפּיק־שוואַרצע לייבער.
אָפּגעריסענע פון ווייבער,
פון דער היים זיך אָפּגעפרעמדט —
איינזאַם, אומעטיק, פאַרקלעמט,
פונקט ווי בלינדע, שוואַרצע ווערעם
אין די ערדישע געדערעם —
גראָבן זיי זיך דאָ, די קאַפערס —
אָפּגעריסן פון באַשאַפערס
גרויסע הימלען, זון און ליכט.

קנוילן זיי זיך דאָ געדיכט,
זוכן גאָלד פאַר די מאַגנאַטן,
פאַרן גליקלעכן און זאַטן —
און זיי בענקען נאָכן קראַל
ערגעץ דאָרטן אין טראַנסוואַל, —
דאָרט, ווו חיות זיינען פריי,
ווו מען שאַרפט דעם „אַסעגיי“,
פאַר היענעס און שאַקאַלן, —
דאָרטן, אין די ווייטע קראַלן,
ווו מען האַלט זיך אין דערציילן
מעשיות וועגן טיפע הייל,

וועגן גרויסע העלדן — מעשיות...
אָבער דאָ די שווערע „טייסעס“
לעכערט שוין ביי זיי די לונגען.
זאַט מיט שטויב זיך אָנגעשלונגען,
מיטן שטויב פון הייסן גאָלד —
קריגן זיי פאַר דעם באַצאָלט
קאַרגע, סקריפּעדיקע פּענעס...

אָבער ס׳פּייפן די סירענעס
און עס גרילצן די מאַשינעס
אויבן, אויף די טיפע מינעס,
ווו מען שמעלצט דעם גאָלד, דעם הייסן
דורכגעמישט מיט קאַפּער־שווייסן
און מיט שטיקלעך בלוט אין איינעם...
זוכט מען גינגאָלד דאָרטן ריינעם
פאַר דעם גביר און דעם מאַגנאַט —
אָנצופרעסן זיך צו זאַט...

דערווייל האָט אַלץ זיך נאָך געבויט
די שטאָט. געריסן זיך פון הויט,
געקראָכן אין דער הויך מיט ווענט,
מיט אייזן, ציגל און צעמענט,
מיט וואָלקן-קראַצערס — הימל־הויך,
מיט טומל און מיט שטויב און רויך,
מיט גאַסן שמאָלע, — קרום און לאַם
מיט באַנק און בירזשע, באַר און קראָם,
מיט תפיסות פולע און געריכט,
מיט נודנע נעכט און נודנעם ליכט,
מיט קאָרטן־שפּיל און פערד־געיעג,
מיט נאָך מער אומעטיקע טעג,
מיט לאַנגווייל, פוילקייט, שמאַלץ און פעטס,
מיט בלאָקן רייכע, נייע פלעטס,
מיט אויסגעהונגערטע „פּור־ווייטס“,
וואָס חלומען פון אַן אקרייץ
פאַרטריקנט־האַרטן, פראָסטן ברויט.
אַזוי האָט, ממש, פון איר הויט
געריסן זיך די גרויסע שטאָט, —
פאַרמאָסטן זיך אַזש באַלד מיט גאָט,
געשפּייגן שטיקער גאָלד מיט בלוט:

— איי, זעט נאָר, גאָלד . . . איי, איי, ווי גוט . . .
מען כאַפּט דאָס גאָלד מיט רויע הענט
און פּונקט ווי ס׳וואָלט אַרום געברענט
יאָגט מען די קאַפּערס און מען שרייט
מען זאָל נישט פּטרן קיין צייט,
מען זאָל אַריינכאַפּן די וועלט,
ווייל טייער איז די צייט ווי געלט —
טאָ גראָבט, ממזירים, גראָבט געשווינט
דעם הייסן גאָלד — פאַרדאַמטע הינט . . .

## צווייטער קאַפּיטל

ביז איצט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
ווי דורך אַ מאָדנעם גרויסן וווּנדער —
מיין פֿאָלק זיי האָבן נישט צעשטערט.
אַלצאײנס אויף װעלכער װײטער ערד,
אַלצאײנס אין װעלכן װילדן לאַנד —
דורך שײטערהויפֿנס, בלוט און בראַנד,
דורך אינקוויזיציעס, שווערד און שפּאָט,
דורך לעסטערן דיין שטילן גאָט
אָן אַ פֿאַרוואָס און אַ פֿאַרוועץ —
מיין פֿאָלק וועט בלייבן ווי געוועזן
פֿאַרגיסנדיק זיין בלוט אומזיסט...
דער מענטש איז אָבער אַ סאַדיסט
און ווי צו ווײ־טאָן ווייס ער גוט.
ער לויערט נאָך זיין פּאָרציע בלוט
אַיעדן טאָג פֿאַר זיין געמיט —
און בלוט קען געבן נאָר דער ייד,
ווייל ער איז קליין און ער איז שוואַך...
און אָט האָט איר די גאַנצע זאַך.

און איך, ווי איינער פֿון מיין פֿאָלק,
וואָס איז געקומען אָן אַ טאָלק
אויף גאָטס געבענטשטער, שיינער וועלט,
האָב באַלד, ווי איך האָב נאָר געשטעלט
מיין ערשטן טראָט אין שרעק און וואקל —
געקומען תּיכּף צום סך הכּל,
אַז מיך, זיי האַסן ווי דעם ראַץ,
און אַז עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ
פֿאַר מיר אין לאַנד פֿון מיין געבאָרן.

דערווײלע זיינען לאַנגע יאָרן
פֿאַרבייגעלאָפֿן דאָ אויף גיך
אין טרויער און אין פֿרייד, — און איך? —

בין אומגעגאַנגען אַלץ אָן שיך,
און, זייט מיר מוחל, אָן תחתונים,
האָב זיך געשראָקן פאַר די שכנים,
פאַר יעדן חזיר, יעדן הונט
און נישט געפילט דעם פעסטן גרונט
אונטער מיינע יונגע טריט —
איך, דער נישטיקסטער, — דער ייד.

מיין לאַנד, מיין ערד — ווי ברויט צוזאַט,
דאָס האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט.
איך האָב געדאַרפט אַלץ נעמען, נעמען
נדבות בלוטיקע פון יענעם.
מען׳ט צוגעוואָרפן מיר אַ ביין
צוזאַמען מיט אַ האַרטן שטיין —
אַ שטיקל קצבה דאָ און דאָרט,
מיר אָנגעוויזן אויף מיין אָרט:
וווּ איך קען גיין, וווּ איך קען זיין,
וווּ איך קען אָנקוקן די שיין
פון גרויסן אויסגעהעלטן טאָג.
און תמיד האָט מען מיין פאַרמאָג
געזוכט, גענישטערט און געציילט,
און בלויז מיר ברעקלעך צוגעטיילט
מיט קאַרגער, ביינענדיקער האַנט —
און דאָס געזאָלט האָט זיין מיין לאַנד...

און דאָך האָב איך זי׳ האָלט אַזוי
ווי האָלט מען האָט אַ גאַנטע פרוי,
ווי האָלט מען האָט אַן אייגן קינד,
ווי ס׳ליבט די ערד דער פרילינג־ווינט
ווען אַלץ דערהויבן שפּראָצט און וואַקסט:
די פעלדער ברויט, דאָס גראָז און פלאַקס,
ווען ס׳קומט דער רעגן, און דערנאָך
פאַרשמעקט די וועלט מיט היי און מאָך...
אַ בידנע וועלט, אַ קליינע וועלט
און דאָך, דאָ פרייט זיך אַלץ און קוועלט,
פאַר אַלעמען איז דאָ געננוג:
אי ברויט, אי מילך — אַ קאַלטער קרוג,
און יעדער האָט זיין אייגן דאַך,
זיין פעלד און בייט, זיין הויז און שפּראַך,

זיין אייגענע באַשיצטע טיר...
נאָר וואָס, נאָר וואָס פאַרמאָגן מיר?...

אונז האָט מען אויפגעוואָרפן אָבער,
אַז מיר, מיר שניידן אָפּ דעם האָבער,
אַז מיר, — מיר האָבן פּשוט אַלץ:
אי כבוד, רום, אי ברויט מיט שמאַלץ...
מיר זיינען פריי, מיר האָבן רו,
און אַז מיר נעמען שטענדיק צו
פאַר זיך פון זיי, וואָס זיי געהערט —
דאָס לעצטע שטיקל בידנע ערד,
דעם לעצטן ביסן פונעם מויל —
מיר רייסן פראָסט אַרויס מיט גרויל...

בין איך פון קינדווייז נאָך אַוועק
פון דעם פאַרשטיקטן גרויל און שרעק.
כ'האָב אַלעמאָל געוואָלט געפינען
אין לעבן גאָר אַן אַנדער זינען:
די וועלט איז גרויס, ס'איז דאָ אַ סך,
און ברייט און פריי איז ברייטער שליאַך,
און מענטשן לעבן, אפשר, ווו
אין פריינטשאַפט און אין שטילער רו.
נאָכאַלעמען, ווער זאָגט דאָס, ווער,
אַז איך בין מערנישט ווי אַ גר? —
נישט אמת, ניין. איך העלף און בוי,
און נעם קיינזאַך נישט צו פון גוי.
איך שאַף אַליין מיט מיינע הענט...
נאָר קיינער האָט נישט אַנערקענט
מיין ביישטייער צו וועלט און מענטש
צוליב דער שרעק פון קאָנקורענץ...

בין איך אַוועק פאַרקלעמט אַליין.
געהאַלטן אין איין גיין און גיין,
געזוכט אַ היים, געזוכט אַ דאַך,
געבלאָנדזשעט מיטן ברייטן שליאַך
פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד
מיט מיין קליומיק אין מיין האַנט —
דער אייביק מידער עמיגראַנט...
און אויב איר מיינט, אַז כ'האָב מיט פרייד

זיך מיט מיין אַלטער היים צעשיידט —
איז ניין, אַ טעות מאַכט איר דאַן.
איך האָב געליבט דאָרט יעדן שפּאַן,
יעדן ברעקל גוטע ערד.
כ׳האָב זיך דאָרטן צוגעהערט
צו דעם פויגלשן געשריי...
כ׳האָב איינגעזאַפּט די קעלט פון שניי
דורך ווינטערן אין ווייסע נעכט.
ווי יאָדלעס סמאָליקע פאַרפּעכט
אין שקיעות הארבסטיקע, צעגליטע —
אַזוי האָב איך מיין שטאַם אין ליטע
נאָך טיפער איינוואָרצלען געוואָלט.
און וואָס געווען איז מיין געצאָלט,
וואָס האָט דערוואַרט דאָרטן דער ייד? —
דעם זידלוואָרט — „פּארכאטי זשיד״
און קאַלטן האַס אויף טריט און שריט
מיט הייסער דורכגעמישט געפּאַר —
אָט דאָס געווען איז מיין שכר.

בין איך אַוועק אַן ציל און זין
און זיך געפרעגט אַליין — וווהין? —
פון פּאָנעוועזש אַזש ביז בערלין, —
פון דאָרטן ווייטער, ביז פּאַריז...
געמיינט כ׳וועל טרעפן וואָס ניט איז,
נאָר בלויז געטראָפן האָב איך מיסט
און אַלץ געזוכט, אומגישט, אומזיסט . . .

נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן,
טעג אַן אויסקוק און אַן האָפן
צווישן טויזנטער ווי איך —
אַן אַ בגד און אַן שיך,
אין געשטאַנק פון ניבל־פּה
זיצט מען שעהן אין קאַפּע,
אין געשטאַנק פון רויך און שווייס
פון צעפוילטן, אַלטן פלייש,
צווישן הור און צווישן זשלאָב,
ווי אַ שעדלעכער מיקראָב —
פוילט מען דאָרט אין מאטן שיין
ביי אַ פלאַש מיט פראָסטן וויין

און ביים לעבן — אָן אַ פראַנק . . .
האָדעוועסטו אַ געדאַנק —
מיאוס, אויסגעמאַטערט, קראַנק,
עקלדיק אַזש ביז צום שרייען . . .
טראַכסטו מערנישט ווו צו לייען,
ווו צו לייען אַ פּאָר גראָשן.
אָבער ס׳האָט זיך אויסגעלאָשן
לעצטע האָפענונג, געוויס,
אין דער רייכער שטאָט — פּאַריז . . .

און וויפיל מאָל האָב איך דורך נאַכט
אַזוי פיל ציטנווייז געטראַכט,
אַז ס׳פלעגט זיך אָנצינדן דער מארך.
— וואָס איז דער מענטש ? — ער איז **אַ פּאַרך**,
ער איז ברוטאַל און אומפאַרשעמט,
ער גיט נישט קיינזאַך, נאָר ער נעמט.
(צו געבן פילט ער אומבאַקוועם)
און איצטער דו — כאַפּ אויך און נעם,
ראַביר און גנבע פונקט ווי ער —
צו לעבן ערלעך איז נאָר שווער —
טאָ, שפּיי אויף לעבן, גוטער ברודער,
און ווי אַ שיפל אָן אַ רודער
טראָג זיך הפקר מיטן שטראָם . . .

גייט מען פון „קופּאָל" צו „דאָם"
מיטן ברייטן מאַנפּאַרנאַס,
שלינגט דיך איין די הייסע גאַס,
שפּייט דיך אויסעט דער בולוואַר
ציניש, עקלדיק, ווולגאַר,
און אין אָוונט מיד און שפּעט
מיטן קינסטלער און פּאָעט,
מיט דער נפקה ערגעץ־ווו —
זוכט מען אויס אַ שטיקל רו
אויף אַ פרעמדן האַרטן באַנק
שכור, הונגעריק און קראַנק,
צווישן טויזנטער ווי איך —
אָן אַ בגד און אָן שיך,
נאַקעט, פּשוט אָן אַ העמד —
צווישן מענטשן אַזוי פרעמד . . .

און ווען ס׳לעשט זיך אויס דאָס ליכט
און ס׳ווערט די פינסטערניש געדיכט,
אַז קענסטו די קליאמקע פון דיין טיר
נישט מער געפינען דאָ ביי דיר
אין שוואַרצן חלול פון דיין היינט —
דאַן קריגסטו זיך אַזוי מין פיינט
אין העכסטער אויפרעקונג און צאָרן...
דו ביסט דאָך סיי־ווי שוין פאַרלאָרן,
טאָ פרווו נישט, ברודער, און נישט זוך
פאַרבעסערן דעם שלעכטן גרוך,
דעם גרוך פון ווײַן און פון מאַרטעל
צעמישט מיט זינד אויף שאַ־מישעל...

מען זאָגט, אַז ס׳איז נאָך ווו פאַראַן
אַ גאָט, אַ ביבל, אַ קאָראַן,
אַ גלויבן הייליקער — נישט גלויב...
ס׳איז אַלץ ווי דורכזיכטיקער שטויב —
אַן אָנשטעל איז עס. בלאָף און בלאָף,
אַ ליגן איז עס אַן אַ סוף, —
נישטאָ געוויס פון וואָס צו הערן —
דער מענטש וועט בעסער שוין נישט ווערן...

און איך פאַרלאָרן, שווער און טעמפּ
גיי אום אין לעבן ווי אַ טרעמפּ:
ציניש, פרעך און אומגעדולדיק —
מערער שולדיק, ווי נישט שולדיק
מיט אַן אָפּגעטעמפּטן חוש.
כ׳האָב פאַרטרונקען זיך מיט זנות,
מיט הפקרות ביז צום ברעכן,
און אַצינד, ווען איך באַרעכן,
וואָס איך טו און וואָס איך בין,
ווי קיינזאַך האָט נישט מער קיין זין —
ווילט זיך מאַכן דאַן אַ סוף
צו אָט דעם עפּוש און דעם בלאָף...

די נאַכט איז פול מיט ווינט און שטורעם,
נאָר פעסט עס שטייט דער אייפל־טורעם
און ס׳דוכט זיך אויס אַזוי מין גרינג: —
אָט קריך אַרויף אַהין און שפּרינג —

דערלאַנג אַ שפּרונג און ווער צעשמעטערט.
ווי ס׳פאַלן אינעם הארבסט די בלעטער
אַזוי פאַרגיי אין טיפן הארבסט,
ווייל ווענען אַרט עס ווי דו שטאַרבסט...

נאָר נייך, ס׳איז נאַריש זיך צו נאַרן
און בלינד אַנטלויפן פון געפאַרן,
פּחדניש ווינטשן זיך דעם טויט,
ווייל וועלט איז פול מיט שמוץ און נויט.
וואָס עפּעס ווייגען ווי אַ יענטע ? —
אויב פּילסט אויף זיך די שווערע פּענטע —
צערייס זי ווי דעם שפּינס געוועב.
נישט טראַכט פון טויט אַצינד, נאָר לעב...

אַזוי האָב איך זיך מיך געטרייסט,
ווייל ס׳ווילט זיך לעבן, ווען דו ווייסט,
אַז ס׳איז פאַראַן נאָך ווו אַ זון
און שטערנס ווייטע אַ טאבון
צעשאָטן, ווי די ווילדע פערד,
און טוי, און רעגן אויף דער ערד,
און גראָז, און בלומען, שטעג און וועג,
און קלאָרע, דורכזיכטיקע טעג,
און ווייכע נעכט, ווי ווייכער וואָל,
און טייך, און וואַלד, און באַרג, און טאָל,
און וואַסער אינעם טיפן ים,
און איך — מיין נאָמען, — דוד פראם...
האָט מיך די וועלט דערלאַנגט אַ ריס : —
צום ווידערזען זיך ווען ניט איז,
דו גרויסע, זינדיקע פאַריז...

# דריטער קאפּיטל

איך האָב געבראָכן גרינעם גאַל,
ווען כ׳האָב געשנידטן דעם קאַנאַל
מיט שאַרפן שפּיץ פון שטאַרקער שיף —
געשניטן איינגעשפּארט און טיף...

די שיף, זי רעוועט און זי שרייט,
זי שליידערט דיך פון זייט צו זייט —
אַרויף, אַראָפּ — פון באַרג צו תהום.
עס ברעכט דער ים געדיכטן שוים
און איך צוזאַמען ברעך מיט אים.
אין האַלדז פאַרטריקנט איז מיין שטים,
און אויסגעשפּייגן איז מיין בויך.
איך קריך און פאַל פון העכסטער הויך,
איך הייב זיך אויף און ווייטער קריך —
שוין אויסגעליידיקט אַלץ פון זיך —
צום טייוול, עד, אַ סוף, אַן עק...

עס קרעכצעט אונטער מיר דער דעק,
ס׳איז שוואַרץ דער טאָג, די זון איז שוואַרץ.
אָט באַלד — באַלד שטעלט זיך אָפּ מיין האַרץ.
איך ליג — אַ פאַרמלאָזער קנויל.
איך פיל אַ ביטערניש אין מויל.
עס שטינקט אַרום אין רויך און אייל,
עס שטינקט אין דורכגעברענטן קייל,
אין ראָסט און זאַלץ, אין פרישן פאַרב,
און איך? — מיר דוכט זיך, אַז איך שטאַרב,
דער לעצטער אָטעם שטעקט אין קעל —
ווי זאָגט דער ענגלענדער? — טו העל...
אַזוי האָב איך מיט טויטן שרעק
דערגרייכט מיט גליק אַ נייעם ברעג.

נישט ווייל איך בין אַ פּאַטריאָט
האָב איך פאַרליבט זיך אין דער שטאָט,
נישט ווייל איך האָב דאָרטן געהאַט,
נו, לאָמיר זאָגן, ברויט צו זאַט.
נישט ווייל בריטאַניע האַלט זיך גרויס
און ס'איז באַוואַכט דאָרט יעדע הויז.
(דיין הויז איז דאָרטן דאָך דיין שלאָס)
אויך נישט פאַר גוטן „ווּסטער סאָס"
און נישט פאַר „סטייקס" און „פיש ענד טשיפּס"
אויך זיכער נישט פאַר יענע „טיפּס",
וואָס דער עולם גיט און שיט
ביי יעדער טיר — אויף טריט און שריט —
פאַר אַלעם דעם האָב איך זיך ניט
פאַרליבט אין לאָנדאָן ביז צום טויט...

כ'האָב דאָרטן מענטשן אויך אָן ברויט
באַגעגענט הונגעריק, פאַרשמאַכט,
וואָס שרעקן זיך פאַר הוילער נאַכט,
וואָס שרעקן זיך פאַר העלן טאָג.
פאַראַן דאָרט אויך געוויין און קלאָג,
פאַראַן דאָרט דחקות אָן אַ שיר,
און הונגער קלאַפּט דאָרט אויך אין טיר.
פאַרוואָס כ'האָב לאָנדאָן האָלט געקראָגן
קען איך, געוויס, אַליין נישט זאָגן,
נאָר ס'האָט מיך באַלד פאַרכאַפּט די שטאָט
באַגייסטערטן אויף יעדן טראָט.

די שטאָט פון פאַרקן און פון סקווערן
מיט הימלען פינסטערע אָן שטערן.
דו קענסט זיי זוכן דאָרט אומזיסט.
ווי ליב איז אָבער דיר דער „מיסט",
דער „פאָג", דער קלעפּיקער טומאַן,
וואָס קומט פון טעמזע און פון ים...

די שטאָט פון שלעסער און פון כאַטעס,
וואָס קוקן אויס, ווי אַלטע לאַטעס
און רייצן דיך מיט זייער רייץ —
די שפּראַך, דער וויכלעכער „טי־אייטש",
דער קאָקני־לשון פון „איסט־ענד",

די גראָע, אָפּגעשיילטע ווענט —
פון אַלטערטום די לעצטע עדות.
און די פּאַרפּוצטע, שטאָלצע לײדים
אויף פּיקאַדילי און וועסט-ענד —
מיט צאַרטע בריסט און ווייסע הענט.
און דאַן — דאָס רעגנדיקע וועטער,
די אָוונט-צייטונגען און בלעטער...
דער גרויסער עולם אויף די גאַסן,
די רויטע גאָרנדיקע „באַסן",
די קאַפע-הייזער און האָטעלן —
דאָס אַלץ ווערט דאָך אַזוי געפעלן
דעם רייזנדער און פרעמדן גאַסט —
אָ, לאָנדאָנס פאַרביקער קאָנטראַסט...

פון איין זייט: — קוימענס, רויך, פאַבריקן
און ענגשאַפט, ממש, זיך צו שטיקן.
פון צווייטער — רייכקייט, סטיל און שיק,
און שיינקייט, פרייד, און פּוץ, און גליק...
די שטאָט פון גאַנצע אַכט מיליאָן,
זי צינדט מיט פייערן זיך אָן,
זי ברענט מיט ליכט און מיט רעקלאַמעס
פאַר „אינאָס פרוט סאָלט" און פּיזשאַמעס,
פאַר „האָוויס-ברויט" און „גיניס ביר",
פאַר „באָווריל", מעבל און געשיר,
פאַר „ברענדי", וויסקי — „בלעק ענד וויט".
אַדורך די נעכט זי שרייט און שרייט,
זי רופט צו זיך, זי וויל פאַרקויפן...
און מענטשן איילן זיך און לויפן,
מענטשן פון דער גאָרער וועלט,
מענטשן אָנגעשטאָפּט מיט געלט...
פאָרט מען, קומט מען. שווערע שיפן
שניידן דורך די טיפסטע טיפן
פון די ימען, אָקעאַנען...
האפנס טומלדיקע, באַנען —
אינדיע, אַפריקע און כינע,
סינגאַפּור און פּאַלעסטינע . . .
שלינגט זיי איין די אַלטע „סיטי",
שפּייט זיי אויס, ווי אָבגעבריטע...
צוויי־און־זיבעציק לשונות...

בעטלער, לאָרדן, ליידיס, זונות,
פּראַנטן, שטראַמע קאַוואַלערן,
פּריקרע, העפּלעכע מאַנערן,
האַרטע היט, געשטרייפּטע הויזן,
בינטלעך „ווייאָלעטס“ און רויזן,
הענטשקעס, שירעמס, מאַקענטאָשן,
מאַהאַראַדזשעס און מאַטראָסן,
פילם־סטאַרס און דיפּלאָמאַטן,
פּרינצן, שנאָרערס און מאַגנאַטן —
אַלע קומען צו דער „סיטי“,
לויפן אום ווי אָפּגעבריטע —
גאָרע וועלט ווערט דאָ באַגעגנט.

און אין לאָנדאָן — אַלץ עס רעגנט,
פייכט און וואַרעם, ווייך און נאַס.
גלאַנצט אין פייערן די גאַס.
„רידזשן־סטריט“ און „מאַרבל אַרטש“ —
סאַמע קאָכעדיקע האַרץ
פון דער גאַנצער וועלט כמעט.

רעסטאָראַנען פעט און זאַט
שמייכלען דאָ צו דיר אַרויס.
אָט איז „לייענס קאָרנער הויז“
פול מיט מענטשן, פול מיט ליכט —
מענטשן אָנגעפּאַקט געדיכט.
און די טאַקסעס, אויטאָבוסן —
לאָנדאָנס פריילעכסטע געררוסן —
ליפּטן, עסקעלייטאָרס, מעטראָ —
אונטערגרונט־באַנען, עטצעטראָ —
אַלצדינג שרייט און קלאַפּט און ברילט —
דאָס איז לאָנדאָן, אויב איר ווילט.

און אָט דאָ, אין דעם געמיש,
האָב איך מײַנע מידע פיס
נאָך אוודאי נישט דערוואַרעמט.
ס'האָט זיך קיינער נישט דערבאַרעמט
נאָך דערווײַלע דאָ אויף מיר
און ס'איז פרעמד מיר יעדע טיר,
אַז איך ווייס נישט וואָס צו טאָן . . .

צווישן מענטשן אַכט מיליאָן
בין איך בלויז אַ שפּילקע־קעפּל...
עטוואָס היימיש איז „ווהייט טשעפּל" —
דאָרטן שטענדיק, ווו איך גיי
טרעף איך יידן, און מיט זיי
פיל איך טאַקע זיך דאָך היימיש.
(דער געררוך פון אַלטע שימות
וועט מיך שטענדיק נאָך דערפרייען)
גיי איך אום פאַרקלעמט אין צווייען —
כ׳פרעג זיך נאָך און קוק זיך צו:
אפשר דאַרף מען ערגעץ־ווו
אַ געהילף, אַ שטיקל האַנט...
נאָר כ׳בין דאָך אַן עמיגראַנט...

זיכער. יאָ, זיך גאָר פאַרגעסן:
ס׳דאַרף דער עמיגראַנט ניט עסן,
ער קען לעבן אָן קיין זאַך:
אָן אַ היים און אָן אַ דאַך...
פרעג איך נאָך זיך אומעטום,
ווו איך גיי און יוו איך קום —
כ׳וויל נישט לעבן מער מיט ווינט
און זיך אומטרייבן מיט הינט
ס׳איז אוודאי דאָך שוין צייט
ווערן כ׳זאָל אַ שטיקל לייט —
ענטפערט מען מיר: — גייט און „טרייט".

שלעפּ איך איצטער מיינע פּעק,
שלעפּ דורך לאַנגע, מידע טעג: —
שנירלעך, שו־וואַקס, שרייב־פּאַפּיר...
כ׳קלאַפּ אין יעדער הינטער־טיר
פון מיס בראַון און מיסיס סמיט: —
„איי נייס מאָרנינג . . . איזנט איט ?" . .
און מיט ציטער אין מיין קול
בעט איך זיך איעדן מאָל
מען זאָל עפּעס ביי מיר קויפן.
און אַזוי דורך אַלע הויפן,
אַלע אָפיסעס פון שטאָט,
גיי איך אום מיט פרעמדן טראָט
און איך קלאַפּ אין יעדער טיר —
שוואַקס, שנירלעך, שרייב־פּאַפּיר...

טאָג נאָך טאָג אַזוי גפּטרט
קום איך שוין אַהיים פאַרמאַטערט,
און אַן אויסגעשעפּטער מידער
שרייב איך דאַמלסט מיינע לידער,
ווייל איך בין דאָך, ווי איר זעט, —
אָ, צום טייוול, — אַ פּאָעט . . .

דאַן, פאַר אַלע אַכט מיליאָן
קלינגט אַזוי מין מאַנאַטאָן
יעדע שעה דאָ אויס „ביג־בען“.
שוויצט אַ גאַנצע נאַכט מיין פען.
כ׳האָב אַ סך וואָס צו דערציילן,
כ׳וויל מיין אומעט זיך צעטיילן
מיט אַ חבר, מיט אַ פריינט.
ווי דער נעכטן איז מיין היינט,
ווי מיין היינט איז אויך דער מאָרגן —
אַלעמאָל די זעלבע זאָרגן,
אומעטום — דער זעלבער אומעט.
שלעפּ איך מיינע פּעק אַרומעט —
טרעפּ אַרויף און טרעפּ אַראָפּ,
מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ,
מיט אַ ציטער אין מיין קול
פרעג איך איבער טויזנט מאָל,
ווי דער גרינער פּאָפּוגיי: —
„מעדעם, ענעטהינג טו ביי . . .“

און אָפט אין אַזאַ מאָמענט
לאָזן זיך אַראָפּ די הענט
פּונקט, ווי ס׳ווערט די וועלט צעשטערט.
עך, זאָל אַלצדינג גיין אין דר׳ערד,
טראַכסטו דאַן. עס איז נישט וויכטיק
צי ס׳איז פינסטער אָדער ליכטיק —
נעם פון לעבן, וואָס מען קען . . .
בלאָטע, ברודער, מען ט׳געזען
שוין אין לעבן גאָר אַ סך : —
וואָס אַ היים און ווו אַ דאַך ? —
וואַקס אַזוי ווי ווילדער גראָז . . .
זוכסט אַ תכלית ? — ע, צוואָס ! . .
ביסט נאָך יונג און ביסט געזונט . . .

זוכט אַ תּכלית דען דער הונט,
לאָמיר זאָגן, צי די קאַץ?..
דאָס איז, ברודער, זיכער, קוואַטש...
איי, ווי זאָל מען אָבער לעבן? —
ווערסט זיך שוין אַן עצה געבן: —
אַ שטיק ברויט און אַ גלאָז ווײַן
וועט פֿאַר דיר נאָך שטענדיק זײַן.
ווי זאָגט דאָרטן אָמאר קאיאם? —
— נישט געדאַגעט... נו, לחיים...

און ווען אַלץ זעט אויס פֿאַרלאָרן,
ווערט אַ נײַע טרייסט געבאָרן
פּלוצים קומט זי פֿול מיט פֿרייד.
מעג עס זײַן אַ ווייכע קלייד
פֿון אַ בענקענדיקער פֿרוי,
מעגן זײַן דאָס טראָפּנס טוי
אין די בלעטלעך פֿון אַ רויז,
אָדער ווו אַ שטילע הויז
פֿון אַ גוטן, נאָנטן פֿרײַנט.
מעג עס זײַן די זון, וואָס שײַנט
פּלוצים דורך אין זומער־רעגן
אויף די גאַסן און די וועגן.
מעג עס זײַן אַפֿילו אויך
פֿראָסט אַ טעלער פּעטע יויך
אָנצוואַרעמען דעם בויך...
אײַנזאָך מערנישט, וואָס דו ווייסט
איז, אַז אָפּטמאָל קומט אַ טרייסט
אומדערוואַרטערהייט צו דיר...

בין איך אײנמאָל ביי אַ טיר
מיט מײַן שווערן פּאַק געשטאַנען.
ס'איז די שטאָט פֿון די טומאַנען
נאָך געלעגן נאַס און גרוי.
פּלוצים האָט אַ יונגע פֿרוי
יענע טיר געעפֿנט שטיל
און געפֿרעגט מיך וואָס איך וויל.
און ווי ס'שײַנט האָט זי דערקענט
נאָך די פּעק אין מײַנע הענט
און ווי כ'רויטל זיך פֿאַרשעמט,
אַז די שטאָט איז מיר נאָך פֿרעמד...

ס׳איז אַזוי שוין די נאַטור:
ס׳וועט די פרוי אויך ווי די הור,
אויב איר צאַרטער סאַנטימענט
איז נאָך גאַנץ און נישט צעברענט,
ווי דער אַש פון אַ ציגאַר —
אָפּגעבן מיט זיסן צער,
גאָר אָן גרויסן איבערקלייב —
יעדן מאַן איר הייסע לייב...

דאָס האָט אויך פּאַסירט מיט מיר
דאַן ביי יענער פרעמדער טיר.
יענע פרוי האָט דאַמלסט מיך
אַריינגערופן אין דער קיך
מיט איר פריינטלעכן „קאַם אין״.
אויסגעפרעגט מיך ווער איך בין,
וווּ איך גיי און וואָס איך טו.
— יעס, אָווקאָס, איי עם איי דזשו...
— איך בין אַ ייד, און ווער ביסטו? —
— איך? — זי שמייכלט. — קאָל מי סיידי.
— סיידי הייס איך... יעס, מיי לײדי.
— דייוויד, ווידער, רופט מען מיך...
און בעת מעשה מיינע שיך
הייב איך אָן גאָר צו באַקלערן
אַ פאַרשעמטער, אַזש מיט טרערן: —
אַלט און שמוציק עטוואָס דאַכט זיך,
סיידי זעט דאָס און צעלאַכט זיך
האַרציק, שטיפעריש און צאַרט,
ווי זי וואָלט אויף דעם געוואַרט...

און פון דאַן אָן — איך און סיידי,
אומעטום צוזאַמען, ביידע —
לאָנדאָן ווערט מיר איצטער נאָנט,
היימיש, ליב און גוט באַקאָנט.
אין זיין גאַנצן ברייט און גרויס
ווייס איך שוין ווו איין, ווו אויס:
יעדן באַר און יעדע קעפּי.
ווו און ווען ס׳האָט זיך געעפנט
נייער רעסטאָראַן אין שטאָט,
ווו מען גיט דיר „טשיקן בראָט״

און דעם בעסטן, ווייכסטן „סטייק“,
וווּ דעם שענסטן ווײַן און קייק
קענסטו קריגן דאָ אויף באָרג —
(דאָס פלעגט זיין מיין גרעסטע זאָרג)
און דערצו — די קינאָס, טיאַטערס,
„הייד-פּאַרק ספּיקערס“ און אָראַטאָרס: —
דרשות וועגן „טשערטש“ און גלויבן —
יעזוסן ווי מען זאָל לויבן —
שרייערס איינפּאַכע. „טשיפּ-דזשעקס“,
דרשות וועגן „לאוו ענד סעקס“,
דרשות ווי אַזוי מען קען
היילן קאַטערס און מיגרען,
דרשות, דרשות אָן אַ שיר: —
ווי אַזוי צו טרינקען ביר,
ווי אַזוי צו סמען מייז,
ווי צו קעמפן קעגן לייז,
ווי צו פאַרבן גראָע האָר
און צו לעבן לאַנגע יאָר,
ווי צו פּוצן פאַלשע ציין,
ווי צו שטיין און ווי צו גיין —
דרשות אויך פון פּאָליטיק
אָפּגעשניטן פון איין שטיק...

מחנות גאַנצע „ספּיקערס“, שרייער
ריידן, שרייען, שפּייען פייער,
בלאָפן, טענהנען צום עולם.
און דער פּראָסטער עולם-גולם
קוועלט און שמעלצט זיך פון דערפון,
ווי דאָס אייז אין מיטן יון.

עטוואָס ווייטער — „באָנד-סטריט, מייפער“
פול מיט קייפער און פאַרקייפער,
פול מיט עלעגאַנטן פוץ.
פון דער גאַנצער וועלט דאָס גוטס
האָט זיך אָנגעקליבן דאָ...
און דער טאָג איז נאַס און גראָ,
ווייך און פייכט, און נאַס, און טריב —
גאָט, ווי אָנגענעם און ליב...

האָט מיר גענומען טאַקע צייט
ביז איך האָב דאָס אַלץ פאַרדייט,
ביז איך האָב דאָ ערשט פאַרשטאַנען,
אַז אין לעבן איז פאַראַנען
גוטס און שלעכטס — צו גלייכער מאָס.
ווער אויף זיך אַ באַלעבאָס —
דאַן וועט קיינער דיך נישט שטערן,
אַלץ באַטראַכט, פאַרנעם און לערן,
זוך און נישטער, און געפין
אינעם לעבן ציל און זין...

אָבער זאָגן כ׳מוז דעם אמת,
אַז דעם דיכטער מיט פּאָעמעס
קען מען קאָרמענען נישט לאַנג.
קיינער שפּייזט נישט מיט געזאַנג
דאָך געוויס דעם סאָלאָוויי...
איך שריי שטענדיק, ווען ס׳טוט ווי:
לאָגיק, מוח — איז צו ניכטער.
(דאָס באַקעמפט אין מיר דער דיכטער)
איך גוץ בעסער דעם געפיל
ווען איך וויל און ווו איך וויל...

שטענדיק היטן דעם געזעץ
און דינען גאָט און נישט קיין גץ,
און זיין ערלעך, גוט און פרום,
און זיך מאַכן טויב און שטום,
ווען מען מוז און ווען מען דאַרף —
(מעג עס זיין אַפילו שאַרף)
וואַרפן ווו אַ הייסן וואָרט,
וואָס מען וואָלט דאָס נישט געטאָרט
טאָן, אַ שטייגער, על פּי דין —
הייס, ווי אָנגעבריטער „דזשין“,
הייס, ווי הייסער דינאַמיט —
דאָס מיינט זיין אַ היפּאָקריט...

ווען מען דריקט און ווען מען פּרעסט
מוז אַרויסשרייען פּראָטעסט.
דאָס געזעץ איז בלויז באַשאַפן
פאַר אַ וועלט פון וויסטע שקלאַפן —

דער וואָס פרייט זיך און וואָס לאַכט
האָט אין תפיסה נישט פאַרבראַכט, —
זי איז נישט פאַר אים געבויט.
מערבישט דער, וואָס אין זיין בויט
גנבעט ווו אַ שטיקל ברויט —
ער דאַרף היטן דעם געזעץ.
ווייטער דער, וואָס שווימט אין פעטס,
טרינקט און שכורט, הורט און פר׳עסט,
קומט צו גאָרער וועלט אויף קעסט,
ווי אַן אויסגעפּוצטער גאַסט —
אים דערשטיקט נישט שווערע לאַסט,
ער קען ראַבעווען לעגאַל
אָן אַ דין און אָן אַ כלל...

דאָס איז, אייגענטלעך, ניסט ניי.
ס׳איז אַפילו נישט כדאי
פון דערפון אַצינד צו ריידן.
איז דאָס אָבער נאָנט מיט סיידין,
נאָנט מיט סיידין שטאַרק פאַרבונדן.
ווילט זיך איצטער מיר די וווּנדן
דווקא אָנרירן פון ס׳ניי.
דאָס איז, אפשר, יאָ כדאי...

אָבער צווישן זיך גערעדט,
וואָס איז אייגענטלעך, אַ חטא? —
זאָל דאָס הייסן פּראָסטע גנבה,
שלאָפן גיין מיט אַ נקבה,
צונעמען פון מאַן זיין ווייב,
האַנדלען מיאוס מיט איר לייב,
אָדער שמעקן קאָקעאין,
טרייבן בראַנפן אָדער דזשין
האַנדלען, ווידער אָן פאַטענט.
צי זיך אָפּבריען די הענט
מיט אַ שטיקל בלאַטע גאָלד,
נעמען סחורה אָן געצאָלט,
צי אַרומבלאָנקען אין גאַס,
ווי אַ פרעמדער אָן אַ פּאַס,
אָדער דורכשניידן אַ ראָג
אין אַ מיטן העלן טאָג,

ווען דאָרט שטייט אַ פּאָליציאַנט
מיט זיין אויסגעשטרעקטער האַנט,
אָדער ריידן גאָר פון שלאָף...
אַלץ איז זינד, פאַר אַלץ קומט שטראָף,
און די וויכטיקסטע פּראָבלעם
איז ווי צו היטן זיך פאַר דעם...

ווערט דאָס לעבן פּלוצום ענג:
אַלץ מען טאָר נישט, אַלץ איז שטרענג,
שטרענג באַוואָרנט און באַהיט —
אַלע דיינע שריט און טריט.
טאָרסט נישט לעבן, ווי דו ווילסט.
יעדער ווייס אַוווּ דו צילסט,
יעדער איינער קוקט דיר נאָך,
קוקט אַריין אין טיפסטער לאָך...
יעדע האַנט בענקט נאָך כאַבאַר,
ווי דער שכור נאָך אַ באַר,
יעדע אויג איז פול מיט שרעק,
יעדע וואָך — מיט שווערע טעג...
שרעקסט זיך פאַר דיין יעדן ריר
טאָמער קלאַפּט מען אָן אין טיר
און מען זוכט אין אַלע לעכער...
ניין, נישט דו ביסט דער פאַרברעכער,
זיי, זיי טרייבן דיך אין נעץ
קעגן יושר און געזעץ...

איז, ווען ס'ווערט שוין אומדערטרעגלעך
ווייל ס'איז קיינזאַך מער נישט מעגלעך —
ווי אַ הונט אָן פרייד און גליק
אָנגעטאָן ביסט אויף אַ שטריק —
דאַן איז איין וועג בלויז פאַראַן —
ווער אַ לומפּ, אַ כוליגאַן,
רייס זיך אָפּ פון קייט געשווינט
און לויף מיט מיט אַלע הינט,
יאָג זיך נאָך נאָך אַלע צייג —
הינטיש לעב און הינטיש לייג, —
אויב מוזט חזיר עסן פאָרט —
טאָ זאָל רינען כאָטש פון באָרד...
אַלצאיינס ביסטו דאָך פאַררעכנט

פּאַר אַ טרעמפּ און אַ פּאַרברעכער —.
טאָ כאָטש האַלט זיך ביי דיין נאָמען...

אינעם פרילינג טויזנט שטראָמען
לויפן גליקלעכע צום ים.
אינעם פרילינג צווייג און שטאַם
ווערט באַדעקט מיט גרינעם פּוך,
און אין לופטן אַ גערוך
ציט שוין ווי פון פרישע רויזן.
הינער פּאַנגען אָן זיך לויזן,
הינט, זיי קראַצן זיך פון פליי.
ס׳שמעלצט זיך לעצטער, ברודנער שניי.
אויף דער נאַכט עס פאַלט אַ נעפּל
פּונקט ווי ס׳פאַלען רייפע עפּל
שטיל און רויק אינעם גראָז...

קיינמאָל ווייס איך נישט פאַרוואָס
ווער איך אומרויק, נערוועז
אין דער צייט, ווען פרישער בעז
הייבט אָן ציטעריק צו בליען,
און ווען נאָר וואָס ס׳קומט צו פליען
גענדז — דער ערשטער קאַראַוואַן.
עפּעס ווער איך שטילער דאַן.
און אַזוי ווי ניי געבוירן
פאַנגט אַ בענקשאַפט אָן צו יוירן
אין מיין האַרץ און אין מיין בלוט.
איך ווער שטיל. און מאָדנע גוט
ווערט מיר דאַמלסט — גוט אַזוי...
דאַן ערשט בענק איך נאָך אַ פרוי,
דאַן ערשט, תמיד איך דערפיל,
אין סוף חדש פון אַפּריל,
ווען ס׳פאַרבייט דעם שניי דער רעגן —
אַז עס ציען מיך די וועגן,
ווייטער ציען מיך אַוועק
ערגעץ צו אַ נייעם ברעג,
צו אַ נייעם האָריזאָנט —
ווייט און פרעמד און אומבאַקאַנט.

## פירטער קאַפּיטל

דערווייל געשטאַנען איז נאָך מאַרץ
און ס׳האָט אַ גודע אין מיין האַרץ
צעלייגט זיך טיף און מאָנאָטאָן.

ווען איינער האָט נישט וואָס צו טאָן,
און האָט נישט קיינעם, ווו צו גיין,
און בלייבט פאַרלאָרן און אַליין
מיט שווערער נאָגעניש אין ברוסט —

דאַן ווערט דאָס לעבן פאַר אים פּוסט,
ווי ביי אַ גלויביקן, וואָס האָט
פאַרלאָרן מיט אַמאָל זיין גאָט.

אַזוי האָב איך מיין גאַנצע פרייד
פאַרלאָרן דאַמלסט, ווען צעשיידט
כ׳האָב זיך מיט סיידין אויף דער וואָר...

איך האָב געקאָנט זי באַלד אַ יאָר.
אַ יאָר כמעט, בלויז איך און סיידי.
איך אַ טרעמפּ און זי — אַ ליידי,
איך — אַ ייד, אַן עמיגראַנט,
און זי — אַ טאָכטער פון איר לאַנד,
אַ טאָכטער פון איר פאָלק און „קינג". —
איין לאַנגער קייט — אַ נייער רינג...
זי — שטאָלץ, קאָקעטיש און קאַפּריז,
ווי ענגלאַנד צו דער צייט פון קריזיס,
געהיט האָט זי איר ראַנדעוווּ...
און ווי אינטים, און וויפיל רו
האָט סיידי אַרום זיך געשפּרייט
מיט יעדן פלאַטער פון איר קלייד,
מיט יעדן אָטעם פון איר ברוסט...
זי האָט געוויס, גאַנץ גוט געוווּסט,

וואָס מיינט פֿאַר עמיצן איר קוש,
און איר געשניצטע, קליינע פֿוס,
איר יעדער ריר, איר יעדער קנייטש,
איר ליידנשאַפֿט און קאַלטער רייץ...

ס'האָט דאָן אַ נאַסער שניי געשנייט.
מיר שניידן לאָנדאָן אין דער ברייט,
מיר שניידן לאָנדאָן אין דער לענג.
עס שניידט דער ווינט אַנטקעגן שטרענג
מיט פֿראָסט די באַקן און דעם נאָז...
ווי ליב איז מיר זיין שאַרפֿער בלאָז.
מיר טרעטן איבער נאַסן שניי —
אַזאַ מין רחבֿות: — גיי און גיי
און קיינער פֿרעגט דיך נישט וווהין,
און קיינער ווייסט נישט ווער איך בין,
מיר ציילן נישט — אַ מייל צי צוויי —
בלויז איך און זי און קאַלטער שניי...

פֿון טשאַד און רויך, און הייסן ליאַרעם
ווערט סיידין קאַלט און מיר ווערט וואַרעם...
מיר זיצן איצטער אין אַ שענק
צווישן רייד און האַרטע בענק...
איך גיס כּסדר גלאָז נאָך גלאָז
און כאַפּ אַריבער שוין די מאָס...
איך מיש כּסדר וויין מיט ליקער
און פֿיל, אַז אָט־אָט ווער איך שכּור:
מיר נעמען אָפּ די פֿיס און הענט
און הייס ווערט מיר, ווי ס'וואָלט געברענט...
די שלייפֿן שיסן, ווי מיט שרויט,
און גרין ווערט געל, און ווייס ווערט רויט —
אַלץ בייט זיך איצט דאָ אין קאָליר,
און שווער איז זיך צו טאָן אַ ריר.
ווערט שווער דער קאָפּ, ווי שווערער בליי,
איך שלוקערץ און איך גרעפּס און שפּיי,
און ברעך באַלד אויס אין אַ געוויין,
און כ'בלייב אין „באַר" מיט זיך אַליין.

כ'האָב סיידין מער שוין נישט געטראָפֿן.
זי איז אין יענער נאַכט אַנטלאָפֿן
פֿון מיר, ווי פֿון אַ שווערער פּעסט.

דער מענטש ווערט עלטער און פֿאַרגעסט
אַפילו זיינע ערגסטע יאָרן —
אַלץ בלייבט ווי רויק אין זיין זכרון, —
נאָר סיידיין וועל איך נישט פֿאַרגעסן,
כ׳וועל יענע שיינקייט נישט פֿאַרלעשן,
זי ט׳בלייבן ברענען דאָ מיט מיר,
אָ, יענער מאָדנער קלאַפּ אין טיר . . .

פֿאַרוואָס דאָס האָט מיט אונז פּאַסירט,
פֿאַרוואָס זי האָט איר לייכטן פלירט
דאַן דווקא נאָר מיט מיר פֿאַרפירט,
און האָט מיך עלנטן צו זיך
אַריינגערופן אין דער קיך ? —
פֿאַרוואָס האָט דאַן אַזוי אינטים
געציטערט איר פֿאַרבענקטע שטים ? —
זאָל זיין, אַז דאָס איז נאָר געווען
אַט יענער אומגעדולד און ברען,
וואָס טליעט בענקענדיק אין דיר,
ווען וואַרטסט, אַז עמיצער אין טיר
זאָל טאָן אַ קלאַפּ מיט פרישן גרוס . . .
צי ס׳איז געווען דאָס פּשוט זנות,
און אפשר איז געווען דאָס ליבע . . .
איך ווייס נאָך היינט נישט יענע סיבה,
ס׳איז שווער די פרוי דאָך צו פֿאַרשטיין,
ווייל זי פֿאַרשטייט זיך נישט אַליין . . .

אַ פרוי, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן
צו אַ מאַן מיט לייב און לעבן,
מיט טיפער ליידנשאַפט און היץ, —
זאָל מיטאַמאָל אַט ווי אַ בליץ,
וואָס פֿאַלט אַ טרוקענער אין גראָז, —
אָן אַ פֿאַרוועגן און אַ פֿאַרוואָס —
פֿאַרברענען אַלצדינג אויף אָן אָרט,
און נישט דערקלערן מיט קיין וואָרט
די סיבה פון איר טיפן כעס —
דאָס מיינט דאָך פּשוט משוגעת,
און אפשר מיינט דאָס — גלאַט אַזוי :
קאַפּריז פון אַ קאַפּריזער פרוי . . .

נאָר וואָס דאָס זאָל נישט זיין, געוויס —
צי משוגעת, צי אַ קאַפּריז,
צי אפשר אויך מיין אייגנע שולד:
מיין אייפערזוכט, מיין אומגעדולד —
דער עגאָיזם פון אַ מאַן . . .
איך ווייס נאָר איינזאַך, — אַז אָט דאַן,
אין יענעם שניי און ווייסער קעלט
האָט זיך צעברענט אַ גאַנצע וועלט,
די גאַנצע וועלט מיט מיר צוזאַמען.

דאַן האָב איך אויסלעשן די פלאַמען
געפּרוווט מיט וויין און הייסן „דזשין״,
נאָר פּונקט ווי שרעקלעכן בענזין
האָב איך גאָר אויפן פלאַם געגאָסן.

איך האָב דאָס פייער נישט פאַרלאָשן,
נאָר פאַרקערט: — מער דאָס נאָך צעבלאָזן
און ברענען אים אַזוי געלאָזן.

נאָכדעם ווי סיידי איז אַוועק
האָט זיך מיט לאַנגווייל און מיט שרעק
די וועלט אינגאַנצן אָנגעפילט.
איך האָב אוודאי אַלץ פאַרשפּילט:
צופיל געטרונקען און געשיכורט,
און וויין געמישט צופיל מיט ליקער,
צו לאַנג געלעבט מיט לויזע הענט,
געלעבט, ווי נאָר איך האָב געקענט: —
גענומען דאָ, געליען דאָרט,
פאַרזיכערט מיט מיין ערן־וואָרט,
געשוואָרן זיך ביי לייב און לעבן,
און קיינמאָל נישט אַוועקגעגעבן,
און ציניש אויסגענוצט דעם היינט
און אַלע מיינע גוטע פריינט,
און נישט פאַרטראַכט זיך וועגן מאָרגן.
פון קיינזאַך נישט געוואָלט דאַן זאָרגן
און ווען כ׳פלעג כאַפּן ווו אַ שילינג,
פלעגט ווערן פלוצום ביי מיר פרילינג: —
דאַן טרינק איך ווידער שוין געשמאַק
און ווינש שכורים צו „גוד לאַק״

ביי גלעזער וויסקי און מאַרטעל
אין גראָער ענגשאַפט פון האָטעל,
און שפּעטער ווידער פון דאָס ניי
לויף איך אַרום און באָרג און ליי
אָט וווּ איך קען און וווּ מען גיט.
און אויב אַפילו טאָמער ניט —
איז דאָס שוין אויך אַ קנאַפּע שרעק —
מען הונגערט אונטער אַ פּאָר טעג,
מען איז שוין צוגעוווינט צו אַלץ,
ווייל ס׳קריכן פּשוט שוין פון האַלדז
די שווינעריייען וואָס דו זעסט
אויף יעדן טריט, און אַ פּראָטעסט
צעמישט מיט גאַל, מיט בלוט און היץ
דער וועלט עס ווילט זיך טאָן אַ שמיץ
אַ שמיץ אין פּנים און אַ שפּיי
פאַר גאָר דער גרויסער שווינעריי...

און ווייל געלעבט כ׳האָב צווישן שמוץ
האָט מען פון מיר דאַן אויך קיין גוטס
אוודאי נישט געקאָנט דערוואַרטן.
דעם סענסיטיוון און דעם צאַרטן
וועט ס׳לעבן אַלעמאָל צעטרעטן,
און וויפיל קינסטלער און פּאָעטן
האָט דאָס לעבן שוין פאַרשלונגען? —
זיי האָבן, דאַכט זיך, דאָס באַזונגען
און סוף כל סוף געווען געצוווּנגען
אַליין דורך אָרעמקייט און נויט
צו בעטן גאָר אויף זיך דעם טויט...

נאָר אויב דו ביסט נאָך נישט פאַרלאָרן
אינגאַנצן פון דער שמוץ געוואָרן, —
דאַן הייב זיך אויף און גיי אַוועק
מיט זוניקן און שמאָלן שטעג
צום ראַנד פון גלויביקער נאַטור.
פאַרלאָז דעם באַר, דעם מענטש, די הור,
פאַרלאָז די אויסגעשעפּטע שטאָט
און פּרוּוו דערהויבן זיך צו גאָט:
— אַ בוים, אַ בלאַט, אַ בלום, אַ גראָז,
אַ שמעטערלינג, אַ שוואַלב, אַ האָז,

אַ פּאָדזעמקע אין מאָך, אַ בין,
און ערד צעוואַרעמטע און גרין,
וואָס לייגט זיך אונטער אָקערס שניט,
און סעדער הייליקע אין צוויט:
אין ראָז און ווייס און ווייסלעך־בלוי,
און גרינע נעכט אין ווייכן טוי,
און גליווערעם אין גרינעם גלי,
וואָס לעשן אויס זיך אין דער פרי,
און ברויט, וואָס גייט אויף פון דער ערד,
און שמעקט, און זעטיקט, און דערנערט,
און טעג אין ליכט, אין זון און שיין —
אָט דאָרטן קענסטו גליקלעך זיין,
אָט דאָרטן גיי, אַנטלויף פון שטאָט,
און ווער דערהויבן שטיל צו גאָט . . .

דאָס האָב איך, דאַכט זיך, אַלץ געוווּסט.
נאָך דעם געבענקט האָט מיר מיין ברוסט . . .
און לעצטן מאָל, ווען סיידי איז
אַנטלאָפן איינגעשפּאַרט, קאַפּריז,
אַפילו אָן אַ זיי־געזונט,
און מיך געלאָזן ווי אַ הונט
אַן אָפּגענאַרטן ביי דער שוועל,
אין הייסער שכרות פון האָטעל —
האָב איך פאַרביסן מיינע ציין
און זיך אַוועקגעשלעפּט אַליין
מיט שכורן און פרעמדן טראָט
אין גראָער פּוסטקייט פון דער שטאָט
אָן ציל, אָן אינהאַלט און אָן צוועק.
אַזוי שלעפּט איינזאַם זיך אַוועק
מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק,
ווען עמיצער טרייבט אים אַרויס
אין נאַכט פון ערגעץ־ווו אַ הויז —
אַ היימלאָזער און אַלטער הונט.
— אַפילו אָן אַ זיי־געזונט . . .

אויף מאָרגן, קראַנקערהייט פון בעט
האָב איך זיך אויפגעהייבן שפּעט.
עס איז געווען אַ ווייסער שניי־טאָג,
און איך האָב נאָך געפילט דעם ווייטאָק,

דעם גרויסן ווייטאָק אַזש פון נעכטן.
איך האַלט זיך נישט פאַרן גערעכטן,
איך זאָג נישט, אַז כ׳בין גוט און הייליק,
נאָר אַלעמאָל דעם גרעסטן חלק
פון שטראָף, און מאַטערניש, און פּיין
ציילט מיר דאָס לעבן שטענדיק איין.
דער קריג מיט סיידין האָט פאַרדראָסן.
און קראַנקערהייט האָב איך באַשלאָסן
איך זאָל אַריבערגיין צו איר, —
און ווידער: — אָט איך קלאַפּ אין טיר —
מיט פּעקלעך בלומען און געבעקס,
וואָס אָנגעקויפט כ׳האָב אונטערוועגס.

אָ, סיידי, — גייט מיר דורך אַ ציטער.
נאָר זי, זי שטייט אינכעס, פאַרביטערט,
פּונקט ווי זי וואָלט מיך נישט געקאָנט.
„אָ, סיידי, דיר״ — „ווהאָט דו יו וואָנט?״ —
„אָווקאָס, איט איזנט מי טו בליים״,
„איי וואָז דהען דראַנק״ — „איט איז איי שיים״...
„באַט העוו איי האַרט״ — נאָו, איי דאָנט קער״...

„יו מין טו סיי, טהאַט ווי אר סקווער?״..
„יעס גאָו״. — „איי וואָנט״. —
„יו וויל, איי סיי״...
„נאָט אין יור לייף״... „יו׳ל גאָו —
„אל סטיי״...
„געט אויט אָף היר״ — „אל סמעש יור טשין״
„יו דראַנקארד, יו... יו סמעל אָוו דזשין,
„יו סקאַנק, יו טרעמפּ״... „ענד הו אר יו״,
„יו דערטי טארט!״ — אָ, בליאַדי דזשו״ —
„יו קאָלד מי טארט! — האו דיד יו דער? —
„א׳לברייק יור בליאַדי נעק, איי סווער״...

און דאַן האָט סיידי מיט דערפאָלג
דערמאָנט מיך ווידער אָן מיין פאָלק.
איך בין געוויס נישט קיין פאַשיסט,
נאָר רעכט צום לעבן, ווי דעם קריסט
האָט גאָט מיר אויך באַשטימט געגעבן.
יאָ, גאַנץ זיכער: — רעכט צו לעבן,

און איצט פאַרטיידיק איך מיין רעכט
נישט ווי קיין ציטערדיקער קנעכט,
נאָר ווי אַ מענטש, מיט מענטשן גלייך...

אַזוי אַרום האָט זיך אַ טייך
דאַן אויסגעלאָזן פון מיין ליבע.
איך ווייס נאָך איצט נישט יענע סיבה,
איך ווייס נאָך איצטער נישט גענוי
דעם מאָדנעם אָנגאַנג פון אַ פרוי.
ווי ס׳שיינט האָב איך דערעסן סיידין
און ס׳איז שוין צייט געווען פאַר בייז׳ן
מען זאָל פונאַנדערגיין זיך פריי
כאָטש מיט אַ פריינטלעכן „גוד־ביי״.
נאָר קורצזיכטיק בין איך געווען
און דאָס, א פּנים, נישט געזען...
האָט זי פאַרענדיקט דעם ספּעקטאַקל
און וואָס געווען איז דער סך הכל ? —
כ׳האָב זיך פאַרשולדיקט ביזן קאָפּ
ביי אַלע פריינט, אין יעדער שאָפּ,
כ׳בין גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן,
נעכט אומזיסטע נישט דערשלאָפן,
כ׳האָב געלעבט אָן ציל, אָן נוץ,
אויסגעטרונקען וויפיל טוץ
ביר און ברענדי, דזשין און ליקער, —
מער ווי ניכטער געווען שיכור,
טאָג און נאַכט פאַרבראַכט אין באַרן,
און זיך אויסגעלערנט נארן,
בלאָפן, שעלמעוון די וועלט —
שטענדיק אָן אַ פּעני געלט,
שטענדיק אָן אַ ביסל רו —
פאַרן נאָמען: — „בליאדי דזשו״...

# פינפטער קאפיטל

שווער איז די רגע פון צעשיידונג.
יענער טאָג ווערט עפּעס ליידיק,
יענע שעה ווערט אויסגעהוילט,
יענע רגע שמאַרצט און גרוילט . . .
ווייטן. וואָס וועט מען געפינען ? —
וועט די בענקשאַפט שטענדיק רינען ? —
ווען ווו אויף פרעמדן ברעג
אויפגיין פריילעכערע טעג ? —
וועט מען עפּעס וואָס דערגרייכן ? . . .
אָט, דער אַלטער פראַגע־צייכן
ווערט פון מיר אויף ס'ניי געשטעלט
אין דער פוסטטקייט פון דער וועלט . . .

דאָ האָב איך אָבער צעבייטן
נייע היים אויף פרעמדע ווייטן
ווידער פון דאָס ניי געדאַרפט.
ס'האָט דער ווייטאָק זיך פאַרשאַרפט —
יענער שווערער, טעמפּער ווייטאָק —
לעצטער גרוס פון לעצטן שנייטאָג,
טשעמאָדאנעס, קישנס, רימענס —
אַלץ פון לאַנגע רייזעס סימנס —
פלאָנטערסט זיך אין פעק און שטריק.
ווייסט : — נישטאָ שוין קיין צוריק . . .

הינטער זיך פאַרברענט די בריקן.
איצטער פאָרט מען נייע גליקן,
נייע גליקן זוכן ווו —
אפשר אַרבעט, ברויט און רו.
אפשר. אפשר, ווער קען זאָגן . . .
האַלט דען אומעטום אין קלאָגן
גרויסער צער פון יעדן לאַנד ? —
כ'בין אַן אַלטער עמיגראַנט —

דאַרף מען פּרווון, דאַרף מען זוכן,
און די הונדערט־טויזנט סקרוכן
מיטן גאַנצן שווערן שרעק
אויף מיין נייעם, ווייטן וועג
זיינען שוין נישט ווערט קיין קימער . .
ס׳איז די וועלט פּונקט ווי דיין צימער:
יעדן טאָג דער באַלעבאָס
קען דיך הייסן גיין — איז וואָס ? . . .

„ווינדזאָר קאסל״. דאָ איז ליכטיק,
זוניק, אויפגערוימט און ציכטיק.
דאָ און דאָרט — די לעצטע מעווע . . .
עס איז שוין אַזוי די טבע,
אַז דעם פויגלס ווייסער פלעק
שיקט דעם לעצטן גרוס פון ברעג
צו דער בענקענדיקער שיף.

און דער ים איז ברייט און טיף —
אַזוי פרעמד פּאָר פּראָסטע יידן: —
קרעמערס, באַלעגאָלעס, שמידן —
עמיגראַנטן פון דער ליטע.
— שאַ, פּאַווילע, יידן, — ניטע,
טשעפּעט נישט, מען איז אין גלות . . .
פירט מען נאָך דעם ווינט אין פאַלעס
און דעם שרעק אין גרויסע אויגן,
האַלט מען אַלץ נאָך אין איין בויגן
מידן קאָפּ אויף קרומע פּלייצעס,
און מען פרעגט כסדר עצות :
„הא, איז אַפריקע נישקשה ?״ . . .
„מאַכט מען דאָרטן כאָטש אַ גראָשן ?״
— גאָלד ווי בלאָטע, אַזוי הער איך —
— וויפיל האָט עס גאָלד, אַן ערך ? —
— ווייס איך, — גאַנצענע מיליאָנען . . .
און דאָ נעמט מען זיך דערמאָנען
אָן די וויזעס און די פּעסער,
און איעדנס שרעק ווערט גרעסער :
— ווייסט צי מען וועט נישט פאַרהאַלטן ? . . .
כ׳פיר אַ מעדנעצע באַהאַלטן
אין אַ שפּאָגל־נייעם קישן.

אויב זיי וועלן זיך דערוויסן
וועט מען פטרן דעם ציכל . . .
— גאָלע נאַרישקייטן, איכ׳ל
זיי אַ מכה, וואָס באַווייזן . . .
יידן צוגעוווינט צו רייזן,
זיך אַרומצושלעפּן תמיד.
ווי דאָס פערד אין שווערן כאָמעט
איז מען כסדר איינגעשפּאַנט.
שמאָכטעס, בראָכווארג, בעטגעוואַנט, —
אַלטע פערענעס פון דורות,
שבת־לייכטער, — אַלטע מנורות,
שעפערס קופערנע און פאנען —
שלעפּט מען מיט מיט אַלע באַנען,
שלעפּט מען איבער אָקעאַנען,
שלעפּט מען אויך אויף זיך צופוס —
בידנער יידישער רכוש . . .

יידן פירן אויך פּרעזענטן
צו די ווייטסטע קאָנטינענטן.
די פירט קאַרשן פאַר אַ מומען :
— מירצושעם, ווען מע וועט קומען
וועט מען זיך מיט דעם שוין לאָבן . . .
דער פירט פאַר אַן אַלטער באָבען
אַ פאַרטערערטע, אַלטע תחינה.
איר קענט דאָרטן אויך געפינען
שטייסלען שווערע מיט טוקאַטשן,
וואָס ס׳איז שווער שוין גאָר צו שאַצן
צ׳וועלכע דורות זיי געהערן —
שמות אָנגעזאפּט מיט טרערן,
פופן-טיכער און פאַטשיילעס,
בילדער נאָך פון מענדל ביילעס,
באַראָן הירש און מאָנטעפיאָרן —
איינגעציילט אַ בינטל יאָרן
פון דער יידישער געשיכטע : —
שרעק און צרות אומגעריכטע
אומדערוואַרטע, נישט־פאַרדינטע —
צווישן דלות דאָרט געפינט איר . . .

דאָס אַלץ איז אונטן, אויפן דעק.
אויבן ווייס מען נישט פון שרעק.
גאָר אַן אַנדער עולם דאָרטן:
רק מען טרינקט, מען שפּילט אין קאָרטן, —
טענץ, געלעכטער, פלירט און ספּאָרט,
ליבעס פירט מען הייסע דאָרט . . .
פרויען רייכע, אויסגעפּוצטע,
מענער אַלטע, אָפּגענוצטע,
גביריש אויסגעצערטלט, ריין —
גרויסע פליכעס, פאַלשע ציין,
שטייפע העמדער, צירונג פראַקן.
פונטן ברעכן זיך און קנאַקן —
אַלץ געקויפט, פאַר אַלץ באַצאָלט —
שווער איז אַפריקאַנער גאָלד,
שווער, באַפוילעריש און מעכטיק . . .
ווו דו האָסט געטאָגט, גענעכטיקט,
ווו דו האָסט דעם פונט געמאַכט,
וועלכע גנבה אין דער נאַכט
האָסט פאַרשאָטן פאַזע וואַנט,
וועלכן פינסטערן דימאַנט
האָסט פאַרקוועטשט ביי זיך אין האַנט,
וועלכן פייער האָסט געצונדן,
ווען באַקעט אָפּגעשונדן —
לעצטע העמד מיט קארגע הענט
אויסגעטאָן בלויז פאַר פראָצענט,
וועלכן בור און וועלכן „קולע"
האָסט געצוווּנגען גיין מאַכולע,
וועלכן קאפּער אָפּגענאַרט,
וויפיל גאָלד צו זיך פאַרשאַרט —
וויפיל מאָל דו ביסט געזעסן —
פון דעם האָט מען שוין פאַרגעסן,
אגב, איז דאָס איצט נישט וויכטיק,
איצט איז גוט, באַקוועם און ליכטיק —
וויין און זנות — הלוואי געזונט . . .
איצטער רעדט דער שווערער פונט,
איצטער קויפט ער און באַפעלט,
איצטער נעמט ער איין די וועלט . . .

און די דזשענטללייט פון אויבן
ווילט זיך איצטער גאָר נישט גלויבן,
אַז זיי האָבן נישט דערצאָלט
זייער חוב פאַר זייער גאָלד,
און אַז זייער גאַנצער יחוס
אָפּגעדעקט איז, ווי די פליכעס,
וועלכע שוויצן איצט געשמאַק
נישט געקוקט אויף רייכן פראַק . . .

שווימט די שיף זיך מאַיעסטעטיש.
און די פרויען דאָרט קאָקעטיש
מיט די דעקאָלטירטע ברוסטן
צינדן תאווהדיקע גלוסטן,
אינטריגירן יעדן מאַן —
פון דעם שטאָלצן קאַפּיטאַן
ביז דעם תמעוואטסטן „ווייטער",
וועלכער רויטלט זיך אַ רויטער,
שוויצט אין זיין געפּרעסטן העמד,
שמייכלט אומגעלומפּערט, פרעמד; —
„יעס, מיי לײדי" „טהענק יו מיס" —
אָט אַזוי ביי יעדן טיש . . .

בעסטע, טייערסטע אכילות —
טעג אין פרעסן און רכילות,
נעכט פאַרברענגט מען אין די באַרן, —
רויך פון זעלטענע ציגאַרן,
פלעשער מיט שאַמפּאַניער גרייטע,
ווייַנען שטאַרקע — ווייסע, רויטע
שוימען פריילעך אין באָקאַלן —
קעלנערס, און פאַרפּוצטע זאַלן,
טענץ, אָרקעסטערס און מוזיק,
פרויען און געמאַכטער גליק —
האַלב־פאַרפוילטע דעקאַדענץ.
זעכצן טעג אין נודנע טענץ,
זעכצן טעג אין פּוסט און פּאַס —
דאָס הייסט כלמרשט, — ערשטער קלאַס . . .

זעכצן טעג אויפן אַטלאַנטיק —
שטיקער שיינקייט און ראָמאַנטיק.

האָט איר ווען ניט איז געזען,
ווי די זון אין פולען ברען
שמעלצט געדיכטן, געלן האָניק
אויף די וואַסערן איינטאָניק —
פויל, און לאַנגווייליק, און הייס.
און דער ים ליגט טיף און גרייס, —
לאַסטשעט זיך אויף ווייטע מײלן,
האָט זיך נישט אַווו צו אײלן —
יאָ, נישקשה, ער האָט צייט.
לאַסטשעט ער זיך ברייט און ווייט
אָן דעם קלענסטן קארב און שופּ —
ווי אַ ים געדיכטע זופּ . . .

אָדער האָט איר ווען אַ שקיעה
אויפן ים געזען אין בליען? —
וויפיל פאַרבן, וויפיל קווייטן —
מײלן גאַנצע בלומען־בייטן: —
פייער־רויט, און ליל, און גרין:
מאָן, ליפקאָניע און זשאַסמין.

אָדער, ווען ניט איז אין אָוונט —
אויסגערוט זיך, אויסגעכאָוועט —
ווערט ער בייז און הייבט אָן רייסן
ווי אַן איינגשפּאַרטער כעסן,
ברעכט מיט גרינער גאַל פון טיף,
שליידערט, וואַרפט די גרויסע שיף,
שפּייט מיט שוים אַזש ביזן קוימען —
גאַנצע בערג געדיכטע שוימען —
ס׳לויפט די שמייע אים פון מויל —
פּילט אָן וועלט מיט שרעק און גרויל,
קריכט פאַרעקשנט, שווער און בעריש,
קאָכט זיך, שליידערט זיך היסטעריש,
רעוועט פינסטער, פרייכט און שפּייט,
שפּייט צעיושעט, ברומט און שרייט,
ווי עס וואָלט אים ווער געקוילעט . . .

אָדער, ווען דער ווייטער מולד
קריכט אַרויס אין נאַכט געלאַסן,
גיסט אַ מאַטן שיין אַ בלאַסן,

ווען דער שטורעם שטילט זיך איין —
אַזאַ בלאַסן, מאַטן שיין,
מיט אַן אומעט אַזאַ שווערן,
וועלכער טריפט פון אַלע שטערן,
פונעם מילך־וועג און פון מולד, —
טריפט געדיכט, און קאַלט און בולט,
שיינט אין אויג אַריין היפּנאָטיש,
פאַרבט דעם וואַסער־פלאַך עקזאָטיש
מיט געדיכטן זילבער־פאַרב . . .
גאַנצע סנאָפּעס — גאַרב נאָך גאַרב
בינדט לבנה אויף די וואלן,
סנאָפּעס, גאַנצע בינטלעך שטראַלן,
און די שיף, זי שניידט און שניידט,
בלאָנדזשעט ערגעץ־ווו אין ווייט
אין דער פינסטער, אין דער נאַכט,
אין אַ וועלט, ווי אויסגעטראַכט —
מיסטיש, פרעמד, אין שוואַרצן ליכט, —
איבער וואַסערן געדיכט —
שווימט די שיף דאַן, שווימט און שווימט
נישט באַוווּסט און נישט באַשטימט . . .

אָדער, ווען די נאַכט ווערט בלאַסער
און דער ים פאַרשמעקט מיט וואַסער
און מיט טראָפּנס זון און טוי, —
דאַן די גאַנצע וועלט ווערט בלוי,
דורכזיכטיק און בלוי, ווי הימל,
בלוי, ווי בלויער קאָרן־בלימל —
בלוי, ווי בלויער פאָרצעליי.
אַלץ איז פריש און אַלץ איז ניי,
שטיל און יומטובדיק פאַרקלערט . . .
דאַן פאַרבענקסטו זיך נאָך ערד,
נאָכן גרוך פון טיפע וועלדער,
נאָך באַזונטע קאָרן־פעלדער
און נאָך טומלדיקער שטאָט.
דאַן הייבט בענקען אָן דיין טראָט
נאָך אַ שטיקל פעסטן באָדן,
און דיין האַרץ ווערט אָנגעלאָדן
פול מיט האָפענונג און פרייד.
און דער ים אין לענג און ברייט

ווערט דיר מיאוס און דערעסן.
זעכצן טעג אין הוילן פרעסן,
זעכצן טעג אין פוסט און פּאַס —
אויסגעפּוצטער ערשטער קלאַס —
סנאָבעס, ליידיקע באַלגייוועס.
יצרי הרעות, הייסע תאוות
ברענען פון אַרומגיין ליידיק.
אָבער, ווי צעשטראָלט און פריידיק
ווערט די לאַנג־דערוואַרטע רגע,
ווען פון ווייטע, פרעמדע ברעגן
נאָך וואָס ס׳בענקט אַזוי דיין פוס —
קומט דער פריילעכער גערוס
פון די ערשטע אַלבאַטראָסן.

טשעמאָדאַנעס, פּעק, מאַטראָסן,
יידן — וואַנדערער אַ שבט.
יעדער בענטשט זיין „אַפידייוועט״,
יעדער פרעסט צום האַרץ זיין פּאַס.
ערשטער, צווייטער, דריטער קלאַס,
וויזעס, דאָקומענטן, פּעסער, —
און דער ליארעם ווערט אַלץ גרעסער —
אַלע וואַרטן אויפן דעק.
הערצער פול מיט פרייד און שרעק,
הערצער אָנגעווייטאָקט פרעסן, —
פריינט און קרובים און אַדרעסן —
באַלד, אָט באַלד וועט מען זיי טרעפן . . .
פּראַגעס, עמיגראַציע־שעפן,
פּאָליציי און שטרענגע בליקן,
טויזנט אומגליקן און גליקן,
און דאָס האַרץ אין לעצטן צאַפּל —
ביז דו גרייכסט דעם ערשטן שטאַפּל
פון אַראָפּגעלאָזטן בריק . . .
נייע היים. זאָל זיין מיט גליק.

## זעקסטער קאַפּיטל

ניינצן הונדערט זעקס און דרייסיק.
ס׳קאָכט די שטאָט מיט לעבן, פלייסיק —
אויטאָס שלינגען מייל נאָך מייל,
מענטשן לויפן אין געאייל,
אין געמיש פון ווייס און שוואַרץ,
פונקט ווי שטיקער רויע אַרץ,
האמעטנע און לייביק־שווער.
פול איז יעדע גאַס און סקווער,
וווּ אַמאָל האָבן געטראָטן
ווילדע שבטים — האָטענטאָטן,
שפּעטער — ערשטע הוגינאָטן
דאַן אַנטלאָפענע פון שחיטה.
נאָכדעם — יידן פון דער ליטע
צווישן ענגלענדער און בורן
האָבן אָפּגעווישט די שפּורן
פון דער אַלטער היים באַצייטן . . .
צוגעאיילט זיך צו צעבייטן
זייער עבר האָבן זיי.
— אויסגעביטן ווינט און שניי
פון אַ נודנעם בין השמשות,
בלאָטעס, אָרעמע פּרנסות,
דאָרפיש־אומעטיקע וועגן,
קאַלטן אלולדיקן רעגן
אויפן אָפּגעשיילטן דאַך, —
אויסגעביטן זייער שפּראַך,
באַנקראָטירטע, פּוסטע קראָמען,
זייער איך און זייער נאָמען —
אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט —
אויף אַ לעבן רייך און זאַט,
אויף אַ לאַנד אַזאַ באַזונטן,
און פאַרהאָרעוועטע פונטן,
בענק־קרעדיטן, פעטע טשעקן —

אויפגעהערט זיך דאָ צו שרעקן
פאַרן סטרוזש און גאַרדאָוואַי,
און פאַר יעדן צווייטן גוי.
אויסגעמישט האָט זיך דער ייד
און אַראָפּגעכאַפּט דעם שניט
באַלד פון דעם אַסימילאַטער.
אָפּגעפּרעסענער און זאַטער
האָט ער שוין געוואָלט באַווייזן
ענגליש, ווי ער רעדט מיט גרייזן,
ווי ער שטייט און ווי ער גייט,
ווי ער פירט זיך גביריש-ברייט.
ווילעס און גערוימע שטיבער,
ווו דאָס פעטס גיסט זיך אַריבער,
„רייסעס", „הינט" און קאָרטען־פּאַרטיעס . . .
איי די פּוסטקייט ? — ווען אַרט עס : —
אויסגעטאָן דעם אַלטן לבוש . . .
דאָ מען לעבט נישט אויף נדבות
נאָכן יידישן רעצעפּט,
ווי מען האָט אַמאָל געלעבט . . .

נאָר די יידישע קאַריערע
איז דאָ אויך געווען אַ שווערע : —
אָנגעפּאַנגען ווי אַ „שמויז", —
זיך געשלעפּט פון הויז צו הויז
מיט אַ פּאַק און מידע טריט
האָט געשלעפּט זיך דאָ דער ייד
דורכן סטעפּ און דורכן בוש
מיילן גאַנצע אָפט צופוס
און געקליבן קאָרג אַ פּענע —
קישקע־געלט. די פּענעס יענע
קען ער היינט נאָך נישט פאַרגעסן.
נישט דערשלאָפן, נישט דערעסן —
האַרטן ברויט מיט „דזשינדזשער־ביר"
האָט דער איצטיקער געוויר
דאַן געגעסן אויסצוקרענקען.
אָ, ער וועט דאָס לאַנג געדענקען : —
ווי דער קאָפּער „מילי־פּאַפּ" . . .
און דעם זעלביקן עטאַפּ,
דער עטאַפּ פון אַלע גרינע

אין דער גאָלדענער מדינה
איז ער דורכגעגאַנגען שווער, —
שווער, פאַרליטן, ווי דער בער . . .

און דערנאָך אין „קאַפּעריטע"
האָבן יידן פון דער ליטע
אָפּגעשקלאָפּט אַ לעבן־לאַנג,
אין פאַרעיפּושטן געדראַנג
צווישן קאָפּערס, שמוץ און שרעק . . .

הייסע זומערדיקע טעג,
קאַלטע ווינטערדיקע נעכט —
קנעכט פאַרשקלאַפּט צעווישן קנעכט
האָבן זיי געהיט דעם פונט,
ווי עס היט אַן אַלטער הונט
אַן אַרומגעלעקטן ביין.
אָפּגעפרעמדט פון זיך אַליין
און פון גאַנצער ווייסער וועלט
האָט מען נאָר געטראַכט פון געלט,
ביז זיי זיינען דאָ געוואָרן,
אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן,
„מערטשנס", קרעמער, ספּעקולאַנטן,
„ברויקערס", „בוקיס", פאַבריקאַנטן,
צווישן אָרעמע פּיאָנערן —
דימענט־הענדלער, אַקציאָנערן,
און סתם יידן, באַלעבאַטים —
אויפגעקומענע און זאַטע . . .

פריער איז מען מיטן יידן
דאָ געווען גאַנץ צופרידן:
יאָ, דאָס אַלטע פאָלק פון ביבל,
אַן פּרעטענזיעס און פאַריבל
האָט דער בור אים אויפגענומען,
ווען ער איז צו אים געקומען
דאָ אין ווילדערניש פון לאַנד.
ער אַליין אַן עמיגראַנט
פון אַמאָל נאָך טאָלעראַנט
ווי אַן אַלטער הוגינאָט,
האָט געהאַלטן פון געבאָט:

זאָלסט נישט רודפן דיין שכן —
אין דעם פראָסטן אינדערוואָכן
פלעגט דער יידישער תנך
אים פאַרשאַפן פרייד אַ סך,
און דערפאַר האָט ער געהאַלטן
פון דעם „יאָדע־פאָלק״, דעם אַלטן,
פון זיין חכמה און זיין שטאַם.
ס׳האָט דער בור נאָך יענעם סם
פון רדיפה און פון האַס
נישט געוווּסט, און טיפן כעס
אויפן יידן נישט געטראָגן.
פאַרקערט, דאָ קען מען גאָר זאָגן,
אַז ער האָט אים גאָר פאַרלידטן.
ס׳האָט דער בור ביי אים קרעדיטן
לאַנג־טערמיניקע גענומען,
און פלעגט אָפט אים בעטן קומען
צו זיך אויף זיין ווייטער פאַרעם.
אויפנעמען פלעגט ער אים וואַרעם
אַלעמאָל אונטער זיין דאַך.
ווען דער ייד פלעגט פונעם שליאַך
מיט די מידע, ווייטע וועגן
אין אַ מבול, אַ גוס־רעגן,
קומען צו אַ בוריש הויז —
פלעגט מען אויפנעמען דעם „שמויז״
מיט רעספעקט און דרך ארץ,
און דער ייד פלעגט בלי שום תרץ
מוזן אויסשפאַנען זיין פור
און פאַרבלייבן ביי דעם בור
ביז דער שטורעם פלעגט אַריבער.

יענע גאַסטפריינטלעכע שטיבער
פון אַן אַלטן, גוטן דור
פלעגן דורכן גאַנצן יאָר
שטיין דאָ אָפן פאַר אַ גאַסט.
קיינער האָט זיך נישט געהאַסט,
נישט געהאַט זיך קיינמאָל פיינט
מיט דער שנאה פון דעם היינט . . .

דאָס ליגט אָבער שוין פון הינטן,
איצטער בלאָזן נייע ווינטן —
נייע פויגל — נייע לידער, —
איצטער פריינטשאַפט איז דערווידער,
איצטער האַלט מען נישט פון פריינט,
איצט — אין פינסטערניש פון היינט,
האָט מען דיך פאַסקודנע פיינט.

ניינצן הונדערט זעקס און דרייסיק,
יעדער טאָג צערייצט און בייסיק
סטשירעט זיינע שאַרפע ציין,
בייסט אין פלייש אַזש ביזן ביין,
בייסט אין פלייש אָט ווי אַ הונט
און קוועלט אָן פון פרישער ווונד . . .

טעג באַדעקט מיט רויטן וואָלקן,
פונקט ווי בלוט וואָלט ווער געמאָלקן
אויפן נייעם קאָנטינענט.
טעמפע, מערדערישע הענט
קלייבן יעדן טראָפּ און שפּריץ
בלוט פון בלאנקען מעסער־שפּיץ,
וועלכער שניידט פאַרקלעמט און טיף . . .

בין איך מיט דער לעצטער שיף —
איך, דער לעצטער עמיגראַנט,
אָנגעקומען אינעם לאַנד
באַלד די גרויס פון גאַנץ אייראָפּע.
אינעם לאַנד, ווו ס׳וואַקסט די „פּאָפּע“
און עס וואַרעמט זיך דער לייב.
אינעם לאַנד פון הייסן שטייב
און פון אָנגעברענטע שטיינער,
ווו די נעגל און די ציינער
שאַרפן תמיד ווילדע חיות,
ווו שאקאלן גאַנצע סטייעס
לאָזן זיך אַרויס אויף רויב,
און ווו עלנט לעבט די טויב,
און ווו די מאמבא שפּייט מיט סם,
און ווו עס ברויזט דער טיפער ים —
אינעם לאַנד פון קאפּער־קראלן,

גאָלד, און זון, און ליכט, און שטראַלן
שטעט און גוואַלטיקע עשירות.
אָבער וויפיל ווילדע סתירות:
ווייס און שוואַרץ און רייך און אָרעם . . .

פונעם מזרח ביזן דרום
און פון מערב ביזן צפון
ליגן וועלטן גאַנצע אָפן
נאָך פון קיינעמס פוס באַטראָטן: —
ערד, ווו וואקסן קען געראָטן
ברויט פאַר הונגעריקע מענטשן,
ברויט צו לויבן און צו בענטשן,
ברויט פאַר אַלעמען צו זאַט.
אָ, ווען ס'וואָלט דער מענטש געהאַט
ברויט גענוג אויף בידגער ערד,
וואָלט ער דאַן די שאַרפע שווערד
נישט געדאַרפט שוין מערער שמידן.
דאַן וואָלט ער געלעבט אין פרידן —
אָן גנבה און אָן רויב.
ווי עס לעבט די שטילע טויב,
ווי דאָס שעפעלע און קראָליק.
דאַן דער ייד און דער קאַטאָליק,
דער יעזואיט און פראָטעסטאַנט
וואָלטן אויסגעשטרעקט די האַנט
פריינטלעך איינער צו דעם צווייטן.
נישט געדאַרפט וואָלט מען פאַרשפרייטן
ראַסן־האַס דאַן צווישן שכנים.
דאַן וואָלט מען געלעבט אין איינעם
ביי איין טיר און ביי איין פלויט.
אָ, ווען ס'וואָלט געווען נאָר ברויט . . .

און אין לאַנד דאָ צווישן גבירות —
ווידער וויפיל מאָדנע סתירות:
וועלטן גאַנצע ברייט און פריי,
פריי, נאָר וויפיל שקלאַפעריי,
הונגער, אָרעמקייט און שפּילות.
דאַכט זיך טעג אין זון און תכלת,
טעג אין גאָטס־געבענטשטער שפע, —
נאָר די אויגן ברייט צעעפן,

(און אויב דו ביסט נאָר נישט בלינד)
וועסט דערזען אַ וועלט מיט זינד,
זינד, וואָס פּלייצט פון אַלע לעכער,
זינד פון רויבער און פאַרברעכער,
זינד פון ווילדע מענטשן־פרעסער,
שקלאַפן־טרייבער און אַגרעסער . . .
זינד, צעבליט ווי הייסע קרעץ
קעגן יושר און געזעץ . . .

און וואָס קען דאָ זיין דער וווּנדער,
אַז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
טאָר דער קאַפּער אָן אַ פּאַס
נישט אַרויסגיין נאָך אין גאַס,
מוז זיך האַלטן רויק, שטיל,
טאָר נישט ווינקען ווו ער וויל,
נישט באַקליידט און נישט באַשוכט —
לעבט אין אָרעמקייט און צוכט
אָפּגעזונדערט אין „לאָקיישן" —
טאָר נישט זאָגן, טאָר נישט הייסן,
טאָר נישט עפענען דאָס מויל,
טאָר נישט אויסשרייען זיין גרויל,
זיין פאַרשטיקטע שרעק און פּיין,
טאָר נישט אָנקוקן די שיין
פון זיין זוניק-גרויסן לאַנד.

ער מיט זיין פאַרשוואַרצטער האַנט
אַרבעט שוואַרצע מעג דאָ טאָן
פאַר די ווייסע, צוויי מיליאָן.
ער, מעג ראַמען, פירן מיסט,
גראָבן, בויען פאַר אומזיסט —
האָרעווען פונקט ווי אַ פערד
אויף זיין אייגן לאַנד און ערד.

טולעט ער זיך איצט דערשראָקן
צווישן מויערן און בלאָקן
אין דער רייכער, פרעמדער שטאָט.
אַ פאַרלאָזענער פון גאָט
און פון אַלעמען פאַרהאַסט,
האָט ער דאָך זיין ווייסן גאַסט

אויפגענומען מיט רעספעקט.
לאַנד אין בוש האָט דאָן געקלעקט
סיי פאַר אים און פאַר זיין „טשיף“,
און דאָס גאָלד היינט אויפן „ריף“
האָט אים ווייניק וואָס געאַרט.
ס׳האָט זיין מוח נישט געדארט
פאַרן איידעלן מעטאַל.
ער, צופרידן אין זיין קראל
האָט פון אַנדערש וואָס געטראַכט:
ווי אַרויסצוגיין אויף יאכט,
ווי פאנטערעס נאָכצושפירן,
ווי אַ ליבע צו פאַרפירן
אין קראל מיט דער שענסטער מויד,
ווי צו זאלבן פעט זיין הויט
עס זאָל שפיגלען זיך און גלאַנצן,
ווי זיין שמחה אויסצוטאַנצן
אין עקסטאזש פון הייסע טענץ.
און דער ווייסער, פרעמדער מענטש
איז אין וועג אים נישט געשטאַנען.
ער האָט נישט געוווסט פון וואַנען
אָנקומען וועט די סכנה,
און אויף זיין ברייטן „סאקא־באָנא“,
אויף זיין פריינטלעכן גוטמאָרגן
אין דעם ליכטיקן פרימאָרגן,
איז געווען דעם ווייסנס תשובה: —
אַלץ פאַרשאַרן אין אַ קרוווע
און אַלץ צונעמען פאַר זיך —
זשעדנע, גייציק און אויף גיך,
שנעל, — די וועלט, דעם גאַנצן בוש,
דעם גאַנצן קאפערשן רכוש,
דאָס גאַנצע לאַנד, די גאַנצע ערד . . .

און תיכף מיטן ביקס און שווערד,
איז ער אַרויס מיט קריג און צוואַנג,
אַזוי ווי ס׳קריכט אַרויס די שלאַנג
פון טיפן גראָז אין טיפן וואַלד . . .
און שחיטה, סם, און מאָרד, און גוואַלט,
און רויב פון פינסטערע אַגרעסער . . .
און ס׳האָט דאָס בלוט געטריפט פון מעסער,

פון האַק און שפּיז, און „אַסעגייַ״.
און אונטער ווייסער שקלאַפּעריי,
געשפּאַנט ווי אָקסן אינעם יאָך
מיט טיפן צער אין טיפן בראָך,
און אויגן פול מיט ווילדן שרעק
צום סוף דער קאַפער איז אַוועק . . .

דער ווייסער מענטש האָט דאַן געיובלט.
ער האָט זיך דריי מאָל אָפּגעטובלט
אין וואַסער הייליקן פאַר גאָט,
און פאַר זיין חסד און זיין גנאָד
האָט ער אים תפילות אַזש פאַרפאַסט.
ער איז געוואָרן דאָ אויס גאַסט,
ער איז געוואָרן באַלעבאָס,
און ער האָט אָנגעטאָן אַ שלאָס
באַלד אויף אַ גאַנצן קאָנטינענט.

דאָס בלוט אויף זיינע ווייסע הענט
האָט אָפּגעטריקנט מיט דער צייט.
און איצט, ווי גרויס, ווי ברייט און ווייט
עס ליגט אַ גוואַלטיק־רייכע לאַנד
פאַרשלאָסן פאַרן עמיגראַנט,
פאַרשפּאַרט, פאַרריגלט טיר און טויער.
און מענטשן־פּיין און מענטשן־טרויער,
און מענטשן־ענגשאַפט אויף דער וועלט,
און הונגער, אָרעמקייט און קעלט —
דאָס גייט דעם ווייסן דאָ נישט אָן.

סך הכל, מער ווי צוויי מיליאָן —
האָט אים דאָס לעבן אויסדערוויילט
און אים אַ גאַנצע לאַנד פאַרטיילט,
און זיכער ווייס איך נישט פאַרוואָס
ער איז געוואָרן באַלעבאָס
און אויפגעהאַנגען דאָ אַ שלאָס
אויף אַזויפיל פּלאַץ און רוים —
פאַרוואָס ער האָט מיט הויכן צוים
אַרומגעצוימט מיט זשעדנע הענט
פאַר זיך אַליין — אַ קאָנטינענט . . .

און מיר געווען איז נאָך באַשערט
דאָ צו באַטרעטן היגע ערד.
פאַר יענע היימלאָזע נאָך מיר
האָט מען שוין צוגעמאַכט די טיר,
זיי לאָזט מען מער שוין נישט אַריין
אין לאַנד פון גאָלד און זונען־שיין,
פאַר זיי איז שוין נישטאָ קיין אָרט.

און איך דאָס לאַנד געדענק נאָך דאָרט,
ווו ענגשאַפט שטיקט און הונגער רעדט,
ווו מענטשן שלאָפן אין איין בעט
צונויפגעוואָרפן זאלבעדריט.

און דאָ צעשטעל איך מיינע טריט
אויף מיילן צענדליקער פאָרויס.
ווי זוניק, רחבותדיק און גרויס
עס ליגט דאָס אויסגעשפּרייט אַ לאַנד
מיט זון און גאָלד —
„וויטוואָטערסראַנד” . . .

## זיבעטער קאַפּיטל

אַמאָל, מיט זעכציק יאָר צוריק
איז מען געקומען זוכן גליק
אויף היינטיקן באַוווסטן ריף.
מען איז געקראָכן אין דער טיף,
געזוכט מיט גרויסע, זשעדנע אויגן
דאָס גאָלד, וואָס ס׳האָט צו זיך געצויגן,
געצויגן ווי מיט אַ מאַגנעט
פון קראָלן, דערפער און פון שטעט
דעם שאַרלאַטאַן און קאַריעריסט,
דעם יידן, קאַפער און דעם קריסט,
דעם גרויסן, ווילדן ערב־רב,
וואָס האָט דאָ איינגעשפּאַרט און בראַוו
פון ערשטן עלנטן געצעלט
אַזש אויסגעבויט אַ גאַנצע וועלט,
און ס׳לעבן האָט דערלאַנגט אַ שלאָג
אין ליכט פון גרויסן, העלן טאָג.

איך פאַרזענלעך האָלט געוויס,
אַז תמיד אונטער דיינע פיס
מוזטו האָבן פעסטן גרונט:
נישט זיין היימלאָז ווי אַ הונט,
נישט צעבייטן איטלעך מאָל
דיין באַליבטן באַרג און טאָל,
דיין שטיקל ערד, וואָס דיר איז נאָנט,
זאָל זיין, דיין קליינעם האָריזאָנט,
דיין היים, דיין סביבה און דיין דאַך,
דיין אייגענע פאַרשעמטע שפּראַך,
דיין אַלטן שכן לעבן דיר, —
זיין גוטע צי זיין שלעכטע טיר,
דיין בוים, דיין גראָז, דיין וואַלד און פעלד —
אויף קיינע אוצרות פון דער וועלט . . .

איך האַלט געוויס, פּונקט ווי דער ביים
מוזטו פאַרבלייבן אין דיין היים, —
מעג זיין עס קליין, מעג זיין עס גרויס, —
נאָר קוים מען רייסט דיין וואָרצל אויס
אויף נייעם באָדן צו פאַרפלאַנצן,
דאַן קענסטו אָפּוועלקן אינגאַנצן,
ווייל, געוויס, אויף פרעמדער ערד
ווערסטו בלייבן נישט דערנערט.

און דאָרטן, ווו דו ביסט געבאָרן,
דאָרטן לעב אויס דיינע יאָרן,
דאָרטן עלטער זיך און שטאַרב.
איעדע בלום האָט דאָך איר פאַרב,
איעדער מענטש האָט זיינע זיטן,
זאָל זיין אַפילו — האָסט געלידטן,
האָסט אַליין צוווישן פיינט
פאַרבראַכט דיין נעכטן און דיין היינט,
אָבער וויש נישט אָפּ דעם שפור
פון דאָרטן, ווו דעם וויקל־שנור
דיין מאַמע האָט פאַר דיר געוויקלט.
ווו היימיש איז דער אַלטער בריקל
געשטאַנען אויפנעמען דיך גרייט
אין היימישקייט און וואַרמע פרייד,
אין האַרציקייט פון נאָנטער סביבה,
אין שמחות גרויסע און אין שבעה, —
אין צער פון שבעה־זיצער שטילע,
אין הייליקייט פון פרומער תפילה
צעדאַוונטע פון אַלטע דורות
ביי יאָרצייט־ליכט און העלע מנורות —
ווו גרויע, אָרעמע כאַלופּעס
האָבן זיך געפרייט מיט חופּות,
מיט זאַטע, טומלדיקע בריתן,
און ווו מען האָט שבתים זיסע
פאַרפולט מיט הייליקען בטחון —
דערוואַרט דורך גרויע אינדערוואָכנס
צו בענטשן, ווי געבענטשטן ברויט
ביז שטילן אָנקום פונעם טויט . . .

דאָס, וואָס דו האָסט צונויפגעקליבן
דורך דורות־לאַנג. מעג זיין דאָס ליבע,
מעג זיין דאָס אויך אַפילו האַס,
מעג זיין דאָס עלנט פון דער גאַס,
צי אַלטע טונקלקייט פון שול
מיט זיפצן און מיט תפילות פול,
מיט וויי־געשרייען ביזן הימל —
מעג זיין דאָס טוכלער, גרינער שימל —
דאָס קענסטו אָבער נישט צעבייטן
אויף נייע היימען, נייע וויטן,
אויף גרויסע שטעט און נייעם באָדן,
וואָס דורות האָבן אָנגעלאָדן —
מעג זיין דאָס נוצלאָז, אַלט און שטייביק —
מיט דיר פאַרבלייבט דאָס שוין אויף אייביק . .

און דאָ אויף אַפריקאַנער ברעג
האָב איך מיין נייעם, גלייכן וועג
אַזוי גיך, זיכער, נישט געפונען.
אַ לאַנד, וואָס ברענט מיט טויזנט זונען
אָן אַן עבר און טראַדיציעס, —
אַ לאַנד אַ טרוקענע, אָן מצוות
פאַרפולעטע מיט אַלטן שטייב,
אַ לאַנד, ווו ס'וואַרעמט זיך דער לייב,
און אַלצדינג איז אַזוי מין ניי,
אַז נייקייט פרעסט ווי שווערער בליי
און לייגט זיך שווער אויף מאַרך און לונג,
אַ לאַנד נאָך קינדעריש און יונג,
אַנטוווינט פון ווינטערן און שנייען —
טאָ ווי זשע קענען זיך דאָ פרייען
מיט היגן באָדן מיינע טריט ? —
נאָר וואָס, נאָר וואָס ? — איך בין אַ ייד . . .

אונז לאָזט מען קיינמאָל גאָרנישט זאָגן.
ווי קומען מיר זיך צו באַקלאָגן ? —
דו ביסט אַ ייד — טאָ האַלט דאָס מויל
און ווער דערשטיקט פון שרעק און גרויל . . .
איז גוט נאָך, אויב מען וואַרפט אונז צו
פון צייט צו צייט אַ שטיקל רו,
אַ ביסל לופט אין וועלכן לאַנד —

און קוש פאַר דעם דעם פּריצס האַנט,
און בויג דיין קאָפּ, און קוש די רוט,
וואָס האָט געשמיסן דיך ביז בלוט . . .
און טאָמער שטעלסטו זיך אַנטקעגן
און ווי אַ מענטש דו ווילסט נאָר פרעגן:
— פאַרוואָס, פאַרוואָס נו זאָגט אַליין,
פאַרטיליקט איר אונז ביזן ביין,
אַזש ביזן ביין, — נו זאָגט פאַרוואָס
פאַרשניידט איר אונז ווי ווילדן גראָז,
ווי דערנער טרוקענע אין וועג? —
וועט מען דיר ענטפערן: — נישט פרעג,
דו ביסט אַ ייד, — דאָס איז גענוג
צו קרייצן ווייטער אונזער צוג . . .

דערפאַר, ווען איך בין דאָ געקומען,
האָט מיך צום ערשט אַ פרייד באַנומען: —
איך גיי דאָ פריי אַרום אין גאַס,
און קיינער פרעגט מיך נישט קיין פּאַס,
און קיינער פרעגט מיך נישט וווהין
איך גיי זיך מיר און ווער איך בין,
און ווער געוועזן איז מיין טאַטע,
און צי איך טראָג מיין געלע לאַטע,
פּונקט ווי דער אַרעסטאַנט זיין נומער . . .

דאָס לאַנד באַגאָסן איז מיט זומער,
מיט ליכט פון שטראַלנדיקן הימל,
און פויל איז מען ווי אין אַ דרימל, —
עס הייבן פּשוט נישט די הענט
אין הייסן טאָג, וואָס בריט און ברענט,
וואָס גיסט מיט פייער אומעטום . . .
שוין וואָכן־לאַנג ווי כ׳גיי אַרום
און זוך דאָ עפּעס וואָס צו טאָן.
הבטחות האָב איך אַ מיליאָן,
אַיעדער איינער זאָגט דיר צו,
נאָר אַרבעט, שטעלעס — גיי שוין, וווּ? —
— קום היינט, קום מאָרגן, איבערמאָרגן . . .
מען טרייסט מיך, אַז איך דאַרף נישט זאָרגן: —
אין אַפריקע מען וואַקסט נישט איין —
וואַרפט עמיצער אַ וויץ אַריין —

ניין, דאָ ווערט מען אויסגעריסן . . .
און פון דיין נויט מען וויל נישט וויסן,
מיט צוזאָגן מען קומט נאָר אָפּ
און דו אַליין — כאָטש ברעך דעם קאָפּ . . .
דו גיי און זוך און לייג זיך אויס
אַליין אַ וועג. דאָס לאַנד איז גרויס
און שאַנסן זיינען דאָ פאַראַן
פאַר יעדן גביר און אָרעמאַן —
מען דאַרף נאָר האָבן מוט און חשק . . .

דער טאָג איז הייס, און מיד, און שווייסיק,
גישטאָ קיין אָרט זיך אָפּצוקילן.
איך גיי אַרום מיט פעסטן ווילן,
מיט איינגעשפּאַרטן, דרייסטן טראָט
אויף גאַסן שרייאיקע פון שטאָט.
די שטאָט יאָהאַנעסבורג, געוויס,
איז אויסטערליש אין איר געמיש
פון סטיל, פאָרנעם, אַרכיטעקטור.
עס האָט יאָהאַנעסבורג דער בור,
דער ייד, דער ענגלענדער געבויט,
און יעדער איינער האָט דאָ לויט
זיין אייגענעם געשמאַק און חוש
פאַרוואַנדלט שטיקער פונעם בוש
אין שטעט און פאָרשטעט, און ראַיאָנען,
וואָס וועלן דיר גאַנץ אָפט דערמאָנען
אָן קאָוונע, אַמסטערדאַם, ניו־יאָרק.
מען האָט גענומען דאָ אויף באָרג,
אַזוי צו זאָגן, אַלע סטילן
און אויסגעמישט זיי אָן געפילן,
אָן שום ליבע און פאַרשטאַנד, —
אין דיסהאַרמאָניע מיטן לאַנד.

דערווײַלע שטייען דאָ בנינים: —
מאָדערנע, אַלטע און שאַבלאָנע —
פון כאַטעס שווייגענדיקע, שטילע —
ביז שענסטער שרייענדיקער ווילע,
פון בוידעם־שטיבלעך, ווי פאַר קעץ —
ביז העכסטע מויערן און פּלעצער —
ווי וואָלקן-קראַצערס הויכע שטאַרצן.

און שטעלכלעך ענגע פאַרן שוואַרצן,
אין מיסט און פוילעכץ, שמוץ און צוכט,
ווו ס׳עיפּושט אָרעמקייט און פוכט, —
און הייזקעס קליינע פאַר „פּור־וויטס״ . . .
דאַן ווילסטו טאַקע פרעגן: — שטייטש,
ווי קומט עס אַז אַזאַ קאָנטראַסט
זאָל דריקן דאָ, ווי שווערע לאַסט,
וואָס מענטשן שלעפּן ווי די פערד —
אויף גאָטס געבענטשטער, רייכער ערד? . . .

נאָר פרעגן זאָלסטו נישט קיין שאלות —
אַיעדע לאַנד האָט אירע מעלות,
אַיעדע לאַנד האָט אויך חסרונות.
פאַראַן אין לעבן בתי־זונות,
און שולן, קירכעס און מעטשעטן,
ווו דו קענסט דאַווענען און בעטן
דעם גרויסן חסד־פולן בורא
מיט אַנגסט און שרעק און טיפער מורא —
ער זאָל דיך זינדיקן פאַרגעבן . . .
פאַראַן אַ סך אין אונזער לעבן
טשיקאַווע, אויסטערלישע זאַכן.
פאַראַן אַ צייט, ווען ס׳ווילט זיך לאַכן,
ווייל מען איז גליקלעך, קען מען מיינען,
נאָר, עך, ווי אָפט עס ווילט זיך וויינען,
אַרויסוויינען דעם גרויסן טרויער . . .
און דאַן מיט אַלע שטאַרקע בויער,
מיט אַלע קעמפער יונג און פריי —
די וועלט באַשאַפן פון דאָס ניי,
די גאַנצע וועלט דאַן איבערבויען.
דעם טאָג, דעם הארבסטיקן און גרויען
מיט ליכט באַגיסן און מיט פייער,
אַז ס׳זאָל אַן אָטעם טאָן זיך פרייער
אויף אָפּגעברענטער, ריינער ערד,
ווו מען האָט גאָר דאָס שמוץ צעשטערט,
צעשטערט און אָפּגערוימט, פאַרברענט
פאַר נייעם, פעסטן פונדאַמענט.

דאָס איז נישט סתם קיין פּראָפּאַגאַנדע,
ווו איז די שטראָף פאַר יענער באַנדע

פון רויבער, אויסוווּרפן און שענדער,
וואָס צינדן אונטער גאַנצע לענדער
און לאָזן איבער רויך און פלאַם
צעמישט מיט ברענענדיקן סם,
מיט בלוט און טויט און ווילדער העצע . . .
פאַר זיי ווו זיינען די געזעצן,
פאַר זיי ווו זיינען אַלע שטראָפן? —
אָ, ניין, זיי לאָזט מען רויק שלאָפן,
זיי לאָזט מען לעבן אומגעשטערט,
זיי לאָזט מען טונקען זייער שווערד
אין בלוט פון מאַמעס און פון קינדער . . .
זיי, די מערדער און די שינדער,
די וויסטע, העסלעכע באַנדיטן,
וועט מען אין אונזער וועלט נישט היטן,
וועט מען אין תפיסה נישט פאַרשיקן,
זיי לאָזט מען ראַבעווען און שטיקן,
זיי וועט מען, פאַרקערט, גאָר דערלויבן
צו שעכטן, גנבענען און רויבן
באַגייסטערט, אָפן און לעגאַל . . .
און איצט, מיין טייערער, טראַנסוואַל . . .

טראַנסוואַל, אויך דו לעבסט מיטן ווינט,
מיט בלאָף און שקר, און מיט זינד.
פאַרשטיי, אַז ווי מען הערט נאָר אויף
דיין גאָלד צו רייסן פון דיין גוף
וועט אַלצדינג, זיכער, דאָ קראַפּירן.
דאָ בויט מען וועלטן אויף פּאַפּירן, —
די אַקציעס שטייגן פון מינוט.
נאָר וויפיל טרערן, שווייס און בלוט
דער מענטש האָט טראַגיש דאָ פאַרגאָסן? . . .
נישט איינער האָט זיך דאָ געשאָסן,
נישט איינער, אָפּגענאַרט פון גליק,
האָט אויסגעזוכט אַ שטאַרקע שטריק,
נישט איינער איז אַראָפּ פון זינען . . .
און נאָך, און נאָך קענט איר געפינען
טראַגעדיעס ווילדע כלערליי,
ווו ס׳האָט אין לעצטן אויסגעשריי
דער מענטש זיין גורל אויסגעשריען,
ווען ער ט׳געהאַלטן אין פאַרציען.

פון תליעה דעם געבענטשטן קנופּ
ביי קרוווּעס גאָלד אויף הייכן סלופּ . . .

טראַנסוואַל, ביסט שיין אין אַלע צייטן.
אויף קיינזאַך קען מען נישט צעבייטן
די היץ פון דיינע רויטע גרונטן,
די שקיעות אויסטערלישע, בונטע
אין ווילדע פלאַמען פונעם בראשית.
יאָ, זיי זיינען שיין, איך ווייס עס . . .
און דאַן — דער בוש, די „וואַכאַביקעס"
מיט נאָדלען שאַרף, ווי שאַרפע פּיקעס,
ווי פּיקעס קליין אין מיניאַטור —
די ווילדע שיינקייט פון נאַטור,
וואָס מאָלט קאַפּריז מיט שטאַרקן ברען,
מיט הייסן פאַרב פון אַ גאַנצן
אין גרין און געל, און רעמבראַנט-רייט
די ווילדע, גרויסע קאַקטוס־קווייט,
די „פּראָטעאַ" און „פּריקלי־פּער" . . .

ווי בילדעריש און לייביק־שווער
אין גאָלד דאָ רייפן דיינע מיליס
אויף בלויען פאָן פון בלאָע הילעס —
פון הימלען איינגעטונקט אין זון . . .

ווי קאַלט דאָ איז אין מיטן יוני
און אין יאַנוואַר — פאַרברענט צו ווערן.
ווי ליכטיק ס׳פינקלען דיינע שטערן
און ווי שוואַרץ איז היגע נאַכט, —
שוואַרץ און פינסטער, און פאַרטראַכט,
פּונקט ווי ס׳וואָלט אַ ריזן־חיה
זיך אין חושך דאָ פאַרטייעט —
ליגט אין פינסטערניש און לויערט . . .
וויפיל בענקעניש און טרויער
ווייעט פון דיין קאַפּער־קראַל
און פון דיין רויטער ערד — טראַנסוואַל . . .

און דאַן, די טרויבן און די ווייַנען,
די טעג, וואָס בלאַנקען און וואָס שיינען,
דאָס גאָלד פון רייפע אַבריקאָסן,

און ס׳ליכט, ווי בוימאייל העל צעגאָסן,
און ווידער גאָלד פון אָפּעלסינען,
און קליינע, שוואַרצע „פּיקינינען“,
וואָס טרייבן לאַנגע שפּאַנען אָקסן,
און סטעפּעס האַרט מיט מאָך באַוואָקסן,
מיט דערנער און מיט ווילדע גראָזן
אין טריקעניש פון גאָט פאַרלאָזן —
אָן ווינטן, טויען און אָן רעגן,
און דיינע רויטע, הייסע וועגן: —
אַ וועלט, אַ יוצא מין הכלל —
אָט דאָס ביסטו, מיין היים, טראַנסוואַל.

איך זאָג מיין היים, נאָר ווער זשע, כ׳לעבן,
האָט מיר פאַר דעם דאָס רעכט געגעבן? —
אויך דאָ בין איך געוויס נישט מער
ווי אַ פאַרשטופּטער, פרעמדער גר . . .

טאָ ווי זשע קען איך זיך דערלויבן
דאָס לאַנד צו ליבן און צו לויבן,
און צייטנווייז, — זי אויך צו האַסן
פאַר דעם עקסטרעם פון הויט און ראַסע,
פאַר איר אָנשטעל און איר בלאָף,
פאַר אירע אַלע שווערע שטראָף
מיט וואָס זי שטראָפט אַזוי דעם שוואַרצן . . .
איך האָס זי אָפט פון טיפן האַרצן,
ווייל זי איז רייך און זי איז זאַט,
און ווייל זי האָט די וועלט כמעט
באַזאָרגט מיט העסלעכן מעטאַל: —
מיט גאָלד, מיט בלוט, מיט שוויס — טראַנסוואַל.

און וואָס אַ טאָג — אַלץ ווערט דאָ ערגער:
די אויסוואורפן, די יידן־ווערגער,
די שטיק־שלאַנגען אויף דעם ברעג ים
באַוויזן האָבן אויך דעם סם
פון מענטשן־האַס צו אימפּאָרטירן.
מען האָט פון דייטש געבראַכט צו פירן
די קלוגע, איינפאַכע מעטאָדע:
דאָס איז אַריין היינט שטאַרק אין מאָדע
— אַ שפּאָגל־נייע רעפּעטיציע

פון מיטלאַלטער . . . אינקוויזיציע,
שייטערהויפנס, בלוט און תליעות,
שטעט אין פלאַמענדיקע שקיעות,
שריפות, פייער, פלאַם און בראַנד —
אָנגעצונדן מיט דער האַנט,
אָנגעצונדן און פאַרשנידטן
מיט דער האַנט פון יעזויטן . . .

אויך דאָ מען לערנט זיך פון נאַצי:
דעם יידנס האָב און גוטס, און פראצע,
די גאַנצע יידישע קולטור —
דאָס קימערט ווייניק־וואָס דעם בור.
ער קען אַליין זיך איבערנעמען
מיט זיינע העלדן, זיינע נעמען: —
יאָ, פּאָל קרוגער, פּיט רעטיף,
די ערשטע „סעטלער" אויפן ריף,
דער ראַנד, יאָהאַנעסבורג, פּרעטאָריא,
די גרויסע, שרייענדיקע גלאָריע
פון די „פור־טרעקערס", די ווייטע
אין קאַמף פון יענע גרויסע צייטן,
פון יענעם בראַוון, אַלטן דור,
די גרויזאַמקייט פון „בורי־וואָר",
דער קאַמף מיט טשאקאַן און דינגאַן —
מען נעמט אַריין דאָס אין נדן,
מען מישט דאָס אויס מיט סאָוויניזם,
מיט טעמפּן, העסלעכן ציניזם,
מיט פּאַטריאָטישער מליצה,
און מיט דער מערדערישער שטיצע
פון אויסוואורף, שכור און שעלוע —
געפינט מען באַלד שוין די רפואה
פאַר די, וואָס זיינען אומצופרידן: —
גייט, ברידער, הרגענען די יידן —
— דער ייד באַראַבעוועט דאָס לאַנד,
— דער ייד פאַרקוועטשט אַלץ אין זיין האַנט,
— דער ייד פאַרכאַפּט די גאַנצע וועלט,
— ער נעמט צוזאַמען גאָר דאָס געלט
און פלאַצט פון ווילטאָג און פון גוטס . . .
— און איר אין אָרעמקייט און שמוץ
איר שטאַרבט פון הונגער, ווי מאַטירער . . .
הוראַ, זאָל לעבן אונזער פירער . . .

די זעלביקע סקאַרבאָווע מעשה.
געוועזן אַ ציקעלע אַ ווייסע . . .
געוועזן זיינען בלוט־בילבולים,
און ווילדע העצעס, און זילזולים —
ליגנערישע, אויסגעטראַכטע,
און טירן עלנטע פאַרמאַכטע,
און אויסגעהאַקטע בלינדע שויבן,
און שטיבער יידישע צו רויבן,
און אויסגעראַבעוועטע קראָמען,
און ווילדע, בלוטיקע פּאָגראָמען,
און שרעק, און פינסטערניש געדיכטע . . .
מיט דעם, די יידישע געשיכטע
איז אָנגעפולט שוין נישט פון היינט.
מיר ווייסן, אַז מען האָט אונז פיינט,
מען האָט פאַר אונז נישט קיין געדולד,
און אַז מען וואַרפט אויף אונז די שולד
מיט האַס, צערייצט ווי ווילדע חיות . . .
דאָס איז פאַר קיינעם נישט קיין נייעס : —
אַ גוט־באַוווסטע, אַלטע מעשה —
געוועזן אַ ציקעלע אַ ווייסע . . .

אויך דאָ, נאָך עכטן נאַצי־מוסטער —
מיט חוצפּה און מיט גאווה פּוסטער,
מיט היפּשע פּאָרציעס שאָוויניזם
און מיט פאַרבלוטיקטן סאַדיזם —
דאָס לאַנד מען וויל פאַר זיך אַליין : —
איצט איבערבויען — יודן־ריין —
אַן אויסגערייניקטע פאַר בורן . . .
און אַז מען לעבט מיט פּראָסטע הורן,
מיט מענטשן פאַלשע, ווי די שלאַנגען —
טאָ וואָס זשע קען מען שוין פאַרלאַנגען
פון אָט די אַלע מענטשן־פרעסער ? —
דער בלויז אין לעבן ווערט אַלץ גרעסער,
די הייליקייט ליגט אַ פאַרשוועכטע
און אין דיין היינט, ווי אין דיין נעכטן
געפינסטו מער שוין נישט קיין זינען . . .

איעדער לויטערער באַגינען,
וואָס אויפגיין פלעגט אַזוי מין ליכטיק —

איז היינט פֿאַר קיינעם שוין נישט וויכטיק,
קיין שיינקייט דאַרף מען מער נישט האָבן . . .
די ערד מיט קברים איז צעגראָבן
און נישט מיט פֿרישן שניט פֿון אַקער.
די וועלט דערברענט אין לעצטן פֿלאַקער
איר לעצטע, ווייטאָקדיקע גסיסה —
אָן יושר, ליבע, אָן געוויסן —
אַן אויסגעשעפּטע, אויסגעהוילטע —
אַ וועלט אַ מיאוסע, פֿאַרפֿוילטע,
אַז ס׳לוינט פֿאַר איר זיך נישט צו זאָרגן . . .

ס׳וועט אפֿשר שענער זיין דער מאָרגן —
צעשטראַלט פֿון זון און פֿרישע פֿאַרבן . . .
נאָר היינט עס ווילט זיך בעסער שטאַרבן,
איך שעם זיך פּשוט היינט צו לעבן,
ווען ס׳האָט מיין ברודער אָפּגעגעבן
פֿאַר דעם מאָרגן — היינט זיין לעבן . . .
איך שעם זיך היינט פֿאַר יענע מתים,
פֿאַר יענע הייליקע קדושים,
וואָס זיינען גלויביקע געפֿאַלן
אין זייער קאַמף מיט קאַניבאַלן,
מיט בלוט-דורשטיקע, ווילדע חיות . . .

אָ, כ׳בין צו זייערע לוויות
נישט געגאַנגען נאָך דער שחיטה,
און נישט געטראָגן קיינעמס מיטה,
און קיין קריעה נישט געריסן.
פּלאָגט מיך איצטער מיין געוויסן:
כ׳האָב די הענט פֿון די באַנדיטן
נאָך דערווײַלע אויסגעמיטן, —
איך, אָבער — מען ט׳אויסגעקוילעט
ביי דעם שיין פֿון וויכן מולד
פּונקט ווי שעפּסן שטומע סטאַדעס . . .
— אוי, יתגדל ויתקדש . . .

# אכטער קאפּיטל

ווערטער פּרעסן נישט דעררעדטע,
ווי עס פּרעסט די שווערע געטאָ
אויפן מאַרך פון מיינע ברידער . . .
כ'האָב שוין צוגעמאַכט דעם סידור
מיטן קדש און די תפילות.
דאָ פאַרזייטע פעלדער מילעס
רייפן זוניקע אין ליכט,
וואַקסן גליקלעך און געדיכט,
פאַרן לאַנד — אַ טרייסט און צירונג,
ווייל גאָטס האַנט איז אין באַרירונג
דאָ געקומען מיט נאַטור.
ס'מאַכט נישט אויסעט אויב דער בור
האָט דעם יידן פיינט געקראָגן,
מען האָט אונז גענוג געשלאָגן,
קענען מיר דאָס אויך פאַרטראָגן —
שוין צו אַלץ זיך צוגעוווינט.

אפשר האָט אַמאָל געלוינט
דורכצושלעפּן די יסורים,
ווייל נאָך יעדן ווילדן שטורעם
נעמט די זון דאָך ווידער שיינען.
וועט די וועלט פון אַלע פיינען
אפשר איצט געלייטערט ווערן,
און מען וועט ט'אויפהערן צעשטערן
ברידערלעכע פרייד און ליבע.
ס'איז די ערד דאָך נאָך פאַרבליבן —
וועט זיך אויסלעשן די שקיעה
און ס'וועט אויפגיין פרישע זריעה —
אָט אַזוי איז דאָך שוין שטענדיק:
ס'איז דאָס לעבן נישט געענדיקט
כל זמן ס'בלייבט נאָך נישט צעשטערט
אונזער אַלטע מאַמע־ערד . . .

אָבער דאָס קען זיין אַלץ שפּעטער.
איצטער ווייַנט דער הארבסט אין בלעטער,
איצטער גייט די וועלט דאָך אונטער:
שריפות, פלאַמען רויט ווי צונטער,
קריג, הרגות, בלוט, קאַנאָנען, —
אויסגעשאָכטענע מיליאָנען,
אויסגעקוילעטע ווי שאָף, —
שווינדל, נאַרעריי און בלאָף, —
לומפּן, ליגנערס און אַגרעסער —
די קולטור פון ביקס און מעסער,
די קולטור פון פויסט און שווערד
זאַפּט איצט איין די שטומע ערד
מיט אַ חשבון, מיט אַ זין
ביזן גרויסן יום הדין . . .

איצט ווייט פון מענטשן און פון שטאָט
האָב איך דערנענטערט זיך צו גאָט.
איך האָב קיין טרייסט דאָרט נישט געפונען,
מיין טרוים, ווי וואַסער איז צערונען,
מיין האָפענונג האָט מיך גענאַרט.
ווי לאַנג האָב איך אויף איר געוואַרט,
נאָר זי איז קיינמאָל נישט געקומען, —
און דאָ האָב איך דעם גרויל פאַרנומען,
די שמוץ פון אַלע שווערע טעג —
בין איך פון אָט דער שמוץ אַוועק.

נאָר נישט אַנטלאָפן בין איך איצטער.
מען לויפט נישט, ווען ס׳איז וויסט און פינסטער,
מען לאָזט נישט איבער וועלט מיט טויט
צו ראַטעווען די אייגנע הויט . . .
די טיפסטע מענטשישע ירידה
ליגט זיכער, אין פאַרראַט און בגידה,
און נישט פאַרראַטן האָב איך דאָ
געוואָלט אין שווערער עלפטער שעה . . .
נאָר אויב איר ווילט — זאָל זיין אַנטלאָפן,
אַנטלאָפן טאַקע פון די בלאָפן,
פון דעם מענטש און שווערן איבל, —
און אויסגעבויט האָב איך מיין שטיבל,
מיין קליינעם, וואַרעמען געצעלט
אַליין אין שטילקייט פון דער וועלט.

און איצט, ווי גרויס עס איז גאָטס וווּנדער,
ווי גוט עס איז צו זיין באַזונדער —
איך לעב פון קיינעם נישט געשטערט.
עס שמעקט אין פרילינג און אין ערד.
עס שמעקט אין פעלזן און אין ים, —
און דאָ: — אַ נייער דוד פראַם
איז אויפגעקומען ניי געבאָרן —
איך בין אַצינד אויס מענטש געוואָרן,
כ'האָב ריין געוואַשן מיינע הענט
און זיך אַליין, צום סוף, דערקענט . . .

יאָ־יאָ, ס'איז גוט. דער טאָג איז הייס.
גאָטס וועלט איז פריי און ריין און גרייס,
מיין טיר שטייט אָפן, נישט פאַרמאַכט
אַפילו דורך דער גאַנצער נאַכט,
און נאַכט איז שוואַרץ און אויסגעשטערנט,
און ערשט אַצינד האָב איך געלערנט: —
וואָס ווייטער ביסט פון מענטש אַוועק —
אַלץ קלענער ווערט דיין טיפע שרעק.
ס'איז נישט די חיה, וואָס דיך גרווילט,
נאָר אַלץ, וואָס עיפּושט און וואָס פוילט . . .
דער מענטש, וואָס פוילט שוין ביזן ביין
פאַרסמט האָט דיך און זיך אַליין . . .
דער מענטש, אָט ער איז היינט דער עיקר.
פון בלוט געוואָרן איז ער שכור,
ער האָט פאַרטרונקען זיך מיט האַס
ביז העכסטן גראַד פון משוגעת, —
און איצט פאַר אים דו דאַרפסט זיך היטן,
פונקט ווי מען היט זיך פאַר באַנדיטן,
וואָס פאַלן אָן פון העלער הויט

אויף דיר מיט גזילה און מיט טויט . . .

עס איז דער מענטש א מענטשן־פרעסער,
און ער וועט אַלעמאָל זיין מעסער
אַריינשטעכן ביי דיר אין זייט
נאָך איידער דו וועסט האָבן צייט
פון דער סכנה צו אַנטלויפן.
דער מענטש וועט זיך אַליין פאַרקויפן

צוזאַמען מיט זיין ווייב און קינד
פאַר נאָך אַ ביסל גאָלד און זינד . . .
אָט דאָ, וווּ ס'ליגט די גרויסע שרעק —
דערפאַר בין איך פון אים אַוועק . . .

נאָר איצט איז גוט. איך קען עס זאָגן,
די גרויסע, רויקע פּאַרטאָגן,
די ערד איז נאָנט דיר און אינטים.
און דו, דעם צלם אלוקים
נעמסט ווידער ביסלעכווייז דערמאָנען . . .
דער גרויל פון פייער און קאַנאָנען
האָט זיך אין אויג ביי דיר פאַרלאָשן,
און איצט, די ווייסע אלבאַטראָסן,
זיי קומען אָפט צו מיין געצעלט
מיט ווייסער פרייד פון שטילער וועלט . . .

איך האָב געזאָגט: — מיין טיר שטייט אָפן
פאַר די, וואָס איך האָב דאָ געטראָפן, —
פאַר אַלע מיינע ליבע געסט.
דער יונגער אָדלער פון זיין נעסט
קומט צייטנווייז צו מיר צו פליען.
די טורקל־טויב קומט שטענדיק בריען
די קינדער אירע אויף מיין דאַך.
איך האָב אַהיים פאַר זיי פון סכך
און ווייכע פעדערן געמאַכט.
דער האָז קומט יעדן אויפדערנאַכט
אַ קוק טאָן פריינטלעך, וואָס איך טו, —
און רונד־אַרום — אַזויפיל רו,
אַזויפיל פרייד, אַזויפיל שכינה:
די טעג, די אָוונטן די גרינע,
די נעכט באַשאָטענע מיט שטערן,
ווי ליכט צעצונדענע אין רערן,
וואָס פינקלען ביז זיי ברענען אויס
אין ריינער קדושה פון גאָטס הויז . . .

און דאַן, מיין נייער גוטער פריינט,
וואָס איך קאָן דאָ שוין נישט פון היינט:
דער אָרנטלעכער אַלטער זולו,
דער קינדישער לאבאנגולולו,

דער מאַן, וואָס ווייס נאָך נישט פון ליגן.
ער פּיטערט דאָ איצט זיינע ציגן
ביים זייט פון באַרג אין יענעם טאָל.

לאַבאַנגגולולו האָט אַמאָל
נאָך געאַרבעט ווייט אין שטאָט.
(נישט ווי איצטער, אַ דאַנק גאָט)
ביי דעם בור און ביי דעם יידן —
איז ער נישט געווען צופרידן
מיט דעם גאַנצן לעבן דאָרט.
— דאָ, — זאָגט ער מיר, איז זיין אָרט.
דאָ אוודאי וויל ער שטאַרבן,
כדי מען זאָל זיין אַלטן שאַרבן
אין די פעלזן דאָ באַהאַלטן . . .

איצט פאַרברענג איך מיטן אַלטן
גאַנצע אָוונטן און טעג.
ער, ער ווייס דאָ יעדן שטעג,
יעדער פלעק איז אים באַקאַנט
אויפן ווייטן האָריזאָנט,
יעדער קוסט און יעדער בלימל . . .
יעדן שטערן אויפן הימל
האָט ער דאָ שוין אויסגעציילט . . .
ער האָט זיך מיט מיר געטיילט
זיין באַגייסטערונג און פרייד,
און ווי קינדיש זיינע רייד
פלעגן קלינגען אַלעמאָל,
ווען ער פלעגט שוין פונעם טאָל
דאָ פאַרבייטרייבן די ציגן.

מיך האָט ער שוין דאָ ווי אַ היגן
מענטשן אַלעמאָל באַטראַכט,
און ביז אַ שטיק אַריין אין נאַכט
פלעגט ער מיט מיר דאָ אָפט פאַרבלייבן.
אויף מאָרגן פלעגט ער ווידער טרייבן
די ציגן זיינע אַראָפּבאַרג.
די נאַכט פאַר אים געווען איז קאַרג —
איך ווייס נישט ווען ער פלעגט גאָר שלאָפן .
און איינמאָל האָט ער מיך געטראָפן

אין פעלד, ווי כ׳שלעפּ אויף זיך די בראָנע.
— גוט מאָרגן, מאסטער, — „סאקאַ״באָנאָ״,
— דו האָרעוועסט דאָך ווי אַ פערד . . .
— אַיאָ, ס׳אי טרוקן היגע ערד . . .
— נישקשה, ס׳וועט זיך דיר באַצאָלן:
— דו זעסט די בערג דאָ און די טאָלן —
— אויף זיי קען וואַקסן זאַטער ברויט,
און דיר האָט גאָט זיי אָנגעטרויט . . .
— דו זאָגסט פאַר מיר? —
— כע־כע, געוויס —
פאַר גאָט דיין מי איז ליב און זיס,
און ער וועט דיר דיין שכר שוין געבן . . .
— וואָס הייסט מיין שכר?
— דיין שכר הייסט לעבן,
און לעבן שפּראָצט פון יעדער פעולה . . .
און ווייטער האָט דער אַלטער זולו
זיין סטאדע אַראָפּבאַרג געטריבן . . .

ווען כ׳בין מיט זיך אַליין געבליבן,
האָב איך אַ ביסל זיך פאַרקלערט:
גאָטס ברכה ליגט דאָך אין דער ערד.
אָט אויפגיין וועט באַלד מיין פאַרזיי
מיט יונגע מיליס, ברויט און היי . . .
כ׳וועל האָבן דאָ פון אַלץ גענוג: —
מיט קוואַל־וואַסער איז פול מיין קרוג,
מיט מילך און סמעטענע — מיין לאַדיש.
און וואַקסן וועלן מיינע סטאַדעס
דאָ, אויפן באַרג און דאָרט אין טאָל.
ס׳וועט זיין אי פלייש אי וויכער וואָל . . .
נאָר פלייש — דאָס מיינט דאָך ווידער שחיטה . . .
אויף לאָנקעס וואַרעמע, צעבליטע
וועל איך קיין בלוט שוין נישט פאַרגיסן.
ס׳איז ריין געוואָרן מיין געוויסן,
וועל איך עס ווידער נישט פאַרשמוצן.
דעם חלף וועל איך מער נישט נוצן
אויף העלדזער וואַרעמע, געוויס —
דיין מי, — פאַר גאָט איז ליב און זיס —
דעם מענטשנס פּראַצע איז זיין קרוין,
און יעדע מי באַקומט איר לוין . . .

איך האָב פון אַלצדינג דאָ געגנוג:
מיט קוואל־וואַסער איז פול מיין קרוג,
מיין לאדיש ערדישער — מיט שמאנט,
און גאָט מיט זיין געבענטשטער האַנט
האָט מיר אַ פרייע וועלט געגעבן,
ווו כ׳האָב צום ערשטן מאָל דאָס לעבן
אין שווייס פון מיינע יידיע הענט
מיט פרייד באַנומען און דערקענט.

יאהאנעסבורג — 1944

# דאָס לעצטע קאַפּיטל

**ג ע ש ע ן** איז דאָס לאַנג שוין, פֿאַרצייטן נישט זו'צטער:
אַ ייד איז געקומען פֿון וועג אַ פֿאַרשוויצטער
אין איינעם אַ טאָג פֿון אַ זוניקן תּמוז.
די ערד איז געלעגן באַגאָסן מיט פֿלאַמעס
פֿון גילדערנער היץ און פֿון גילדערנער שפּע,
און ברייט האָט די ערד אירע אָרעמס צעעפֿנט
אַזוי ווי אַ מאַמע געטריי פֿאַרן יידן,
זי האָט זיך דערפֿרייט מיט איר גאַסט, מיטן מידן
און האָט זיך אַנטקעגן געצויגן צופֿרידן,
מיט לאָנקעס און סעדער, מיט טונקעלע וועגן,
מיט פֿעלדער און וועלדער און זומפּיקע מאָכן,
צעפֿרייעט פֿון היץ און צעווייקטע פֿון רעגן,
באַשאָנקען מיט פּראַצע פֿון שווייסיקע וואָכן —
צעאַקערט פֿון הענט פֿאַר געבענטשטע פֿאַרזייען
דורך האַרבסטיקע ווינטן און פֿראָסטיקע שנייען,
דורך פֿרילינגען יונגע, ווי ליכטיקער בראשית,
און זומערן זאַטע, און מידע, און הייסע...

אַ ייד איז געקומען דאַן שטיל און פֿאַרמאַטערט,
און ס'האָט אַזאַ פֿרייד אין זיין האַרצן געפֿלאַטערט:
די ערד איז אים ליב און דער הימל איז בלוי אים, —
דאָ לעבן בשלום וועט ער מיט די גויים,
זיי וועלן אים אַלע דערקענען דעם אַלטן,
ער וועט זיך מיט קיין זאַך פֿון זיי נישט באַהאַלטן,
ער וועט זיי באַגריסן פֿון ווייטן און נאָענטן...
און ס'וועלן דערהויבן צו אים האָריזאָנטן
מיט היימישער רו, באַלעבאַטיש, מיט ווערדע —
צו אים, צו דעם יידן אויף ליטווישע ערדן...

אויף ליטווישע ערדן, ווי גרויס ס'איז דער חידוש!
דער ייד האָט פֿאַרפֿלאַנצט דאָרט אַ לעבן אין יידיש:
שבתים, יום־טובים, הבדלות און קידוש,

בר מצוות און חתונות — זילבערנע מנורות
און בעכערס, און כוסות פאַר שמחות און בריתן —
געבורטן פון נייע, פון גליקלעכע דורות,
און זמירות צעזונגען ביי וואַרעמע טישן
מיט טישטוכער קלאָרע אויף שבת פאַרשפּרייטע,
מיט ליכט אין די לייכטער און חלות געגרייטע —
מיט טישטוכער ווייס, ווי מיט שנייען באַשנייטע . . .

און פרייטאָג־צונאַכטן, די ליכט אויף די טישן,
זיי פלעגן דערברענען מיט הייליקן ציטער . . .
אַזוי ווי עס לויכט זיך אַ ריינער געוויסן,
אַזוי ווי אַ בליץ אין אַ בייזן געוויטער —
אַזוי פלעגן לויכטן די ליכט אין די רערן,
אַזוי פלעגן וואַרעמע פינקלען די טרערן
אין אויגן פון מאַמעס, וואָס פלעגן צערינען
מיט שטילע געבעטן אויף אָפענער תחינה —
די טרערן צעמישטע מיט לויטערער שכינה
אין פרייטאָג־צונאַכטן, אין יידישע שטיבער —
מיט פאַרכטיקן גלויבן און וואַרעמקייט ליבער . . .

און ליפּן, זיי האָבן געבעטן בציבור
מיט תפילות באַנעצטע דעם הייליקן בורא,
זיי האָבן געפּליסטערט אין זיסער התפעלות
מיט אוראַלטן גלויבן, מיט ציטער און מורא
אין גרויסע גאָטספאַרכטיקע, גלויביקע ווײַלעס . . .

אַ, גרויס איז געווען דאַן דער כוח פון גלויבן,
צעשטראַלט און צעשימערט, ווי ליכטיקער שניי־טאָג.
ווי הויך און ווי גליקלעך מען פלעגט זיך דערהויבן
פון ערדישן תענוג, מיט וואָס פאַר אַ ווייטאָק,
מיט וואָס פאַר אַ טיפן, באַהאַלטענעם פחד
געווען איז מען דאַמאָלסט מיט גאָט זיך מתיחד —
מיט גאָט דעם באַשאַפער, מיט גאָט דעם דערלייזער.

אין שטורעם פון הארבסטיקע נעכט, אין געבייזער
פון דונערן האַרטע און פינסטערע שלאַקסן,
ווען בליצן מיט פייער די וועלט פלעגן בלענדן —
דאַן פלעגט זיך דאָס גלויבן נאָך שטאַרקער צעוואַקסן,
דאַן האָט מען געהאַט זיך צו וועמען צו ווענדן: —

אָ, גאָט פון אברהם, — באַשיץ און דערבאַרעם . . .
אָ, גאָט פון אברהם . . . דו איינציקער רעטער . . .
און דאַן פלעגט זיי ווערן אין נאַכט אַזוי וואַרעם,
און גוט פלעגט זיי ווערן אין פינסטערן וועטער.
און פונקט ווי עס פילן זיך קינדער באַשיצטע
אין מאַמעשע אָרעמס אין שטורעמס צעבליצטע —
אַזוי פלעגן זיי זיך דערפילן אין שטורעם: —
ווי קינדער באַשיצטע פון שרעק און יסורים . . .

עס האָט זיי דאָס גלויבן געשטאַרקט און געמוטיקט.
און ווען ס'האָבן יידן אַפילו געבלוטיקט,
ווען ס'האָט זיי די נויט ווי אַ חלף געשניטן —
אַזוי ווי אַ חלף, אַ בלוטיקע בריטווע —
זיי האָבן געשטאַרקט זיך און האָבן געליטן
אויף ערדן פון היימישער האַרציקער ליטווע.

אויף ליטווישע ערדן — אָט דאָס איז דער וווּנדער
מען האָט זיך געקוועלט דאָרט שוין וויפיל יאָרהונדערט,
דער ייד האָט פון לאַנג שוין צעבונדן זיין פעקל,
און איטלעכער שפּאַן דאָרט און איטלעכער ברעקל
איז ליב אים געוואָרן אַזוי ווי זיין אייגנס.
ער האָט פאַר זיין שכן זיין קאָפּ נישט געבויגן,
זיי האָבן זיך איינגעלעבטביידע צוזאַמען
אַזוי ווי צוויי ביימער — צוויי לייבלעכע שטאַמען . . .

דער ייד און ליטווינער — אַ פּאַסיקער צווילינג.
עס האָבן די פעלדער געקאָרמעט זיי ביידן,
עס האָט זיי געלאַסטשעט דער זעלביקער פרילינג,
און ס'האָט זייער ערד נישט געוואָלט זיי צעשיידן.

עס האָבן געפירט זיי די זעלביקע וועגן,
און ס'האָט פאַר זיי ביידן געגאָסן דער רעגן,
עס האָבן פאַר ביידן געבלאָזן די ווינטן,
און ביידע צוזאַמען דעם שכר דעם פאַרדינטן
זיי פלעגן זיך טיילן מיט ריכטיקע מאָסן, —
אַזוי, אַז ס'האָט קיינעם קיינמאָל נישט פאַרדראָסן . . .
און אויב ס'האָבן הארבסטן געקלאָגט דאָרטן ביטער
ביי זייערע טירן, אויף זייערע גיטער —
פלעגט קומען דער זומער נאָך ווייכער, נאָך גרינער

פאַר ביידן צוזאַמען — דער ייד און ליטווינער...

אָ, ליטווע, מיט ווערטער איז שווער צו באַשרייבן
דעם אומעט פון דיינע פאַרלאָזענע גיטער,
נאָר אייביק עס האָט זיך געוואָלט מיר פאַרבלייבן
אויף דיינע „פאסעקעס" אין שווערן געוויטער.
אין שווערן געוויטער, ווען ס׳דונערט און ס׳רעגנט,
ווען ס׳שפרייט אויס דיין הימל אַזאַ מרה שחורה
און פרעסט ווי מיט בליי אויף דער איינזאַמער געגנט —
מיט ליטווישן עלנט און טונקעלער מורא.

מיט ליטווישן עלנט... ווי נאָנט ס׳אי געוועזן
דער טוי, וואָס ס׳אי דאָרטן געפאַלן אויף בעזן,
די דימענטן — טראָפּנס אויף נאַקעטע גראָזן
וואָס האָבן ביינאַכט זיך געוויקלט אין שוואַרצן...
אוי, ווי איז מיר איצטער — איך האָב דאָס פאַרלאָזן
און גרויס איז דער ווייטאָק אַצינד אין מיין האַרצן!
ווי גרויס ס׳אי דאָס ליידן — אַזש נישט צו דערטראָגן,
איך קען נישט פאַרהיילן די איצטיקע ווונדן,
און כאָטש מען האָט היינט אונז ביז טויט דאָרט געשלאָגן
איז דאָך נאָך מיין גורל מיט ליטווע פאַרבונדן,
דערפאַר איז נאָך שווערער און טיפער מיין ליידן,
דערפאַר וואָלט איך וועלן מיין לייב היינט צעשניידן
אויף פאסמעס, אויף שטיקער פאַר חרפה און בושה,
און זאָל אויך מיין בלוט דיינע ערדן באַגיסן,
און דאַן כ׳וועל דיך ליטע באַדעקן מיט קושן
ביז וואַנענט כ׳וועל אויסגיין אין ליכטיקער גסיסה...

אַ ייד איז געקומען אַמאָל אין דער ליטע.
דער ייד איז געוועזן מיין זיידע, מיין טאַטע.
עס האָבן געצויגן זיך לאָנקעס צעבליטע
און פעלדער מיט ברויטן — צעקוואָלענע, זאַטע.
די סעדער באַהאָנגען מיט זוניקע פּירות:
מיט עפּל און באַרנעס, מיט פלוימען און קאַרשן.
עס האָבן מיט דעם זיך געקוויקט דאָרטן דורות
און נאָכדעם האָב איך יענע שיינקייט געירשנט.
איך האָב זי געירשנט, און תיכף באַהאַלטן
פאַר שפּעטערע דורות זי איבערצוגעבן:
די אַלע חידושים, די אַלע געשטאַלטן,

וואָס איך האָב באַגעגנט באַגייסטערט אין לעבן,
זיי זיינען שוין דאָרטן אַצינדער נישטאָ מער.
דאָרט טראָגט זיך אַרום איצט אַ ליידיקער יאָמער,
אַ יאָמער פון קראָען, וואָס פּיקן די ביינער
אין טויט זיינען אַלע, נישטאָ איז שוין קיינער . . .
און ווי זאָל איך גלויבן, און ווי איז עס מעגלעך,
אַז אַלץ איז פאַרפּייניקט און אַלץ איז צעבראָכן,
אַז ס'רוישן שוין מערער נישט דאָרטן טאָג־טעגלעך
מיט יידיש, מיט ליאַרעם, מיט יידן די וואָכן ? —
אַז אומעטום שטאַרצן פאַריתומטע קברים
און מערנישט ווי שאַרבנס עס זויגט דאָרט דער וואָרעם —
אַז הייזער, זיי ליגן אין קופּעס פון שטיינער
און מתים, הרוגים און יידישע ביינער . . .
אָ, ווי זאָל מען גלויבן און ווי זאָל מען וויסן
אַז מען האָט אונז ווילד מיטן וואָרצל געריסן
און מען האָט אַזוי אונז דאָרט פוילן געלאָזן —
אַזוי ווי ס'פאַרפוילן פאַוויאַנעטע גראָזן ;
אַפילו אָן קדיש, אָן טרייסט און באַוויינער —
בלויז מתים, הרוגים און קופּעס מיט ביינער . . .

איך ווייס נישט צעטומלט, וואָס איך וואָלט געדאַרפט טאָן,
נאָר ווען כ'וואָלט איצט קענען אַ מעסר אַ שאַרף טאָן,
אַ שאַרף טאָן אַ מעסער אַזוי ווי אַ בריטווע,
וואָלט איך דיינע מערדער, מיין האַרציקע ליטווע,
די גאָרגלס צעשניטן מיט הייסער נקמה.
איך וואָלט זיי געקעפּט אָן אַ ברעקל רחמנות
ווי דורשטיקע חיות — געקעפּט און געקוילעט
ביים שיין פון דיין אייגענעם וואַרעמען מולד . . .

אין שיין פון דיין מולד אַמאָל האָבן יידן
גאָר אַנדערש באַגעגנט די פרייד פון זיין שיינען.
מיט פנימער פרומע און בלייכע ווי ליינען,
מיט הייסער אמונה אין האַרצן, צופרידן —
זיי האָבן געדאַוונט און האָבן געבעטן,
געגאָסן די תפילות אין אָוונטן שפּעטע
אויף דיינע פאַרבלוטיקטע היינטיקע ערדן —
פאַר מענטשישער ליבע און מענטשישער ווערדע . . .

און דאַמלסט מיין ליטע, געמעגט האָסט זיך זיך גרויסן,

— : געמעגט האָסטו שטאָלץ זיין אין יענע פּאַרצייטן
דיין נאָמען געשיינט האָט אין אייגענעם דרויסן
און האָט אויך געקלונגען אין לענדער פון וויטן...
— דיין יחוס געשטראָמט האָט מיט טויזנטער שטראָמען
פון קיעוו ביז וואַרשע געשמט האָט דיין נאָמען,
— פּאָדאָליע און רייסן, וואָלין און אוקריינע
די זאַפטיקע ערדן געווען זיינען דיינע,
די זין דיינע האָבן פאַר דיר דאָס דערוואָרבן,
נישט איינער אין קאַמף פאַרן לאַנד איז געשטאָרבן,
געפאַלן מיט גבורה אין ביטערע שטרייטן,
ווי העלדן זיי האָבן געקעמפט אין די שלאַכטן...
— ,דאַן זיינען געוועזן גאַר אַנדערע צייטן
דו מעגסט זיך אַצינד אין זיי, ליטע, פאַרטראַכטן.

פון ווילנע ביז קיעוו, פון קאָוונע ביז וואַרשע
האָסטו דיינע גרענעצן דאַמלסט געצויגן,
דיין פאָלק האָט פאַר זיך יענע לענדער געירשנט
און האָט ווי אַ קינד פון זיין וואָרצל געזויגן.
— דו האָסט אים געקאָרמעט, און ער האָט באַהיט דיך
(!אַ פאָלק מיט אַ לאַנד — אַזאַ גליקלעכער שידוך)
ער האָט דאַן געהיט דיינע פרוכטבאַרע ערדן
מיט שפּאַרבערשע אויגן און נאַקעטע שווערדן...
דיין פאָלק האָט געקעמפט אין די ווילדסטע געפאַרן,
— : געקעמפט פאַר זיין ערד, זיינע היימישע גרונטן
געטריבן די רוסן, געיאָגט די טאַטאַרן,
— ,דערשטיקט אַרום זיך אַלע שטרייטן און בונטן
און בלוטיקע האָרדעס פון שכנישן פּוילן,
זיי האָבן געשמעקט זיינע בלייענע קוילן,
— ,זיי האָבן פאַר אים ביזן טויט אַזש געציטערט
אַזוי ווי אַ בוים אין אַ שפּעטן געוויטער...

און דאָרט פּאַזע ניעמאַן, אין וועלדער געדיכטע
האָסט, ליטע, געשריבן אַמאָל דיין געשיכטע.
— : איך וויל זיך דערמאָנען זי איצט אויף אַ ווײַלע
— ?ווו איז איצט קאַזימיר דער גרויסער, יאַגיילע
— ,איך זוך זיגיזמונדן, איך זוך געדימינען
נאָר כ׳וועל שוין קיין העלדן ביי דיר נישט געפינען.
ס׳אי ליידיק... די העלדן דו האָסט זיי פאַרלאָרן,
דו האָסט זיי פאַרברענט אין דיין אייגענעם צאָרן.

זיי וועלן שוין קיינמאָל דיך מער נישט באַגריסן,
ווייל קליין ביסטו איצטער און קאַלט און פאַרשרומפּן,
דיין גייסט איז געוואָרן אויף שטיקער צעריסן,
און מיאוס פאַרשמוצט איז אַצינד דיין געוויסן.
די זין דיינע לויפן אַרום איצט ווי לומפּן,
ווי וויסטע בראָדיאַגעס אויף עלנטע וועגן,
זיי וואַרעמען זיך אין די בלאָטיקע זומפּן,
און ס׳ווערט זייער עלנט אַלץ טיפער און גרעסער
אין פינסטערניש הוילער, אין קעלט און אין רעגן,
זיי וואַרעמען מערנישט אין בוזעם דעם מעסער:
זיך וואַרפן אויף וועמען, אַ שטאָך טאָן אין רוקן,
אַ שכן אין נאַכט ווי אַ חיה פאַרצוקן,
מען לויערט געשטראָפטע ביי היימישע טירן
צו שענדן, צו שעכטן און אַלץ צו ראַבירן . . .
אויף ליידיקע שליאַכן ביים שיין פון לבנה
ווי פראָסטע גזלנים מען וואַרט און מען לויערט,
און ס׳דראָט דיך, מיין ליטע, אַ גרויסע סכנה
דערשטיקט איצט צו ווערן אין אייגענעם טרויער . . .

נאָר לאָז זיך מיר, ליטע, אַצינד אַ דערמאָן טאָן
פון דיינע פאַרשטעלטע פון מיר האָריזאָנטן,
איך קען זיי שוין מערער נישט זען דאָ פון נאָנטן
אַזוי ווי איך קען שוין נישט זען זיגיזמונדן.
אָ, ביסלעכווייז ווערסטו אויף אייביק פאַרשווונדן:
איך קען מער נישט זען דיינע ליכטיקע שטערן,
עס בלאָזן פאַר מיר שוין נישט מער דיינע ווינטן,
איך וועל שוין אויך מערער דיין ליטוויש נישט הערן —
דאָס האָב איך פון לאַנג שוין געלאָזן פון הינטן . . .

נאָר אָט טוט אַ לויכט פון דאָס ניי דיין געשיכטע
און ווערט באַלד פאַרלאָשן אין פינסטערן אָוונט,
דער אומעט ווערט גרעסער, דער חשך — געדיכטער . . .
אָ, לאַנג כ׳האָב זי וואַרעם אין האַרצן געכאָוועט!
דאָס לאַנד איז באַשאָנקען מיט עושר און כבוד,
פון לאַנגע אָבאָזן עס ברעכן די אקסן,
זיי ציען זיך שווערע אויף ליטווישע טראַקטן
מיט פעלן און סמאַלע, מיט תבואות און פלאַקסן,
מיט וואַקס און מיט האָניק און לייוונט געפּאַקטע,
זיי ציען זיך לאַנגזאַם פון ליטע קיין פוילן,

קיין דייטשלאַנד זיי פירן די טייערסטע אוילן
געפּרעסט פון קאָנאָפּלעס און ליכטיקע זאָמען,
זיי פירן געהילץ און געטריקנטע שוואָמען,
און האָפּן פאַר בראגע, און שפּיילגענעס קאַלטע,
און קאַרפּן, און שלייענס פון ליטווישע טייכן,
און גילדערנע רענדלעך, און זילבער־שטיק אַלטע,
זיי פירן פון לאַנד איר פאַרמעגן דעם רייכן —
אָ, ווער האָט געקאָנט דאַן מיט ליטע זיך גלייכן! . . .

עס האָבן זיך דאַמלסט געצויגן די שליאכן
און שאָטנס פון דעמבעס און ווייסע בעריאָזעס
פאַרהילכט און צעקלונגען אין צענדליקער שפּראַכן.
עס זיינען געפאָרן אוקריינער וועלמאָזשעס,
און פּוילישע שלאכטעס און פּראָסטע געזעלן,
און מייסטערס געניטע פון האַמבורג און קעלן,
און רוסישע סוחרים, און שניידער און שמידן,
און וועבער, און שפּינער, און בעטלער, און יידן,
און האַנטווערקער גוטע פון פּרייסישע צעכן, —
זיי האָבן זיך אַלע קיין ליטע געצויגן,
צו אירע פאַרדינסטן מיט דורשטיקע אויגן,
און ס׳האָט זיך דער שליאך אַזש געהאַלטן אין ברעכן . . .

אָט דאַן האָט מיין זיידע געשטעלט דאָרט צום ערשטן
די טריט זיינע מידע פון וואָגלען פאַרמאַטערט.
עס האָבן געררוישט דאָרטן פעלדער מיט גערשטן,
און ס׳האָט אַזאַ פרייד אין זיין האַרצן געפלאַטערט.
אַ פרייד אַזאַ גרויסע . . . ער וועט דאָרטן איצטער
די זומפּן צעגראָבן אין זון אַ פאַרשוויצטער,
ער וועט דאָרט די זומפּן מיט תבואות פאַרזייען,
ער וועט דאָרט מיט פּלויטן זיין שטיבל פאַרצוימען,
און זאָלן די חשונס דאָרט שיטן מיט שנייען,
און זאָלן די ווינטן דאָרט ברומען אין קוימען, —
דער פרילינג וועט קומען אַרום זיינע פּלויטן
מיט שפּראָצונגען פרישע פון גילדערנע ברויטן.
און דאַמלסט וועט ער נייע דורות פאַרפלאַנצן
אויף גוטן, אויף זיכערן ליטווישן באָדן, —
און ער האָט אין טרוימען פאַרטיפט זיך אינגאַנצן . . .

מיט אײדעלע הענט און מיט אויגן, וואָס גלאַנצן,

מיט ברויזיקע כוחות אויף ס'ניי אָנגעלאָדן
האָט ער זיך גענומען זיין היים דאָרטן בויען.
ער האָט זיין געשיכטע מיט ליטעס פאַרשריבן
דאָרט אונטער דעם זעלביקן הימל דעם גרויען.
און תיכף געגומען דאָס לאַנד האָט ער ליבן —
זיין היים וועט עס ווערן, ער האָט דאָס פאַרשטאַנען.
ער וועט שוין אין ערגעץ נישט וואָגלען פון דאַנען: —
אָט דאָ וועט ער לעבן און דאָ וועט ער שטאַרבן,
אָט דאָ וועט ער האָדעווען איצט זיינע קינדער,
און דאָ וועט ער בינדן דעם קאָרן אין גארבן,
און פיטערן טשערעדעס שעפּסן און רינדער,
און דאָ וועט ער האַנדלען און פירן געשעפטן, —
אויף אייביק ער וועט שוין אין ליטע פאַרבלייבן,
מען וועט אים פון דאַנענט מיט קיינזאַך פאַרטרייבן,
ס'איז זיינע די ערד דאָ, ער ליבט זי געפּערלעך,
ער וועט זיין לאַנד דינען באַגייסטערט און ערלעך, —
זאָל עמיץ אַ פּרווו טאָן זיין פרייד נאָר פאַרדארבן —
אָט דאָ איז זיין היים און אָט דאָ וויל ער שטאַרבן...

אַזוי האָט מיין זיידע פאַרעקשנט באַשלאָסן
פון דאַנענט שוין ווייטער אין וועלט נישט צו פאָרן,
און אָט אַזוי האָט זיך דער זומער און אָסיען,
דער ווינטער און פרילינג געקליבן אין יאָרן, —
אין יאָרן אין לאַנגע — געקייטלט אין רינגען,
אָט ציט זיך אַ קייט שוין פון שווערע מעת לעתן,
דאָ האָט ער זיין זמירות געהאַלטן אין זינגען
און בריתן געפּראַוועט, און שיבעה געזעסן,
ער האָט דאָ געבראַכט מיט זיך אַלטע מנהגים,
וועט ער זיי קיינמאָל נישט פאַרשווענכן — כאָטש שלאָג אים,
כאָטש זאָל מען אים ווידער אויף שייטערן בראָטן —
ער וועט זיך נישט שיידן מיט זיינע געבאָטן...

און ליטע, זי האָט אים געלאָזן אַנטוויקלען
זיין אייגענעם לעבן, זיין רצון צעוויקלען, —
אַזוי ווי עס בעט זיך זיין האַרץ און זיין ווילן,
אַזוי ווי ס'צעוויקלט אַ ייד זיינע תפילין: —
— מיט מורא, מיט גלויבן, מיט טיפער אמונה —
אַזוי האָט ער לאַנגזאַם זיין לעבן צעוויקלט,
ער האָט, סוף כל סוף, אין דער ליטע געפונען

זיין אייגענעם דאַך און זיין טיר און זיין בריקל...
און דאָך האָט ער קיינמאָל, דורך אַלע יאָרהונדערט,
פון אייגענעם שכן זיך ניט אָפּגעזונדערט,
ער׳ט איבערגענומען פון אים אַ סך זיטן
און האָט מיט אים שטענדיק צוזאַמען געלידטן.
ער האָט זיך געפּרייט מיט זיין ליטווישן שכן: —
מיט זיינע חגאות, מיט זיינע אינדערוואָכן...
אָ, וויפיל געמיינזאַמס צעמישט מען׳ט אין איינעם —
צעמישט די קולטורן פון צוויי אַלטע שכנים,
דער ייד האָט געשפּאַנט אויף די זעלביקע סליאדן
פון אַלטן ליטווינער. אַזוי איז געשען דאָס: —
ער האָט דאָרט געדונגען פון אים די ערענדעס,
ער׳ט הייזער געבויט און געפּלאַנצט פּאַליסאדן
מיט בונטע „יורגינעס" און הייליקער „רוטע",
און האָט אויך געגלויבט אין די אַלטע לעגענדעס
פון שדים און כשוף און גייסטער נישט-גוטע...
זיי האָבן געגלויבט אין אָט די זאבאבאָנעס,
זיי האָבן דערציילט זיך דאָס איינער דעם צווייטן
אין ווינטער־נעכט לאַנגע ביים שיין פון באַלאָנעס
ביז וואַנענט אַהיים מען פלעגט גיין זיך באַגלייטן...

אין ווינטער־נעכט לאַנגע ביים שפּינען און שטריקן,
ביי שאַטקעווען קרויט און ביי פעדערן פליקן —
עס פלעגן צוזאַמען זיך קומען די שכנים
דערציילן זיך מעשיות און ריידן אין איינעם.
אין טונקעלע אלקערס און ברייטע „סעקליצעס"
אין הארבסטיקן רויש פון פאַרוויינטע „זעלוויטשעס" —
אַ ווינטער אַ גאַנצן פלעגט גיין זיך דער ישוב
דערציילן לעגענדעס פון שדים און כשוף...

און ווען עס פלעגט קומען דער הייליקער ניטל,
ווען ס׳פלעגן זיך גויים צום קלויסטער פאַרנעמען —
אַראָפּציען פלעגט דאַן דער ייד אויך זיין היטל,
ווייל ער׳ט נישט געוואָלט זיינע שכנים פאַרשעמען.
זיי האָבן זיך ביידע געלערנט צו שעצן
דאַן איינער דעם אַנדערנס טייערע ווערטן,
זיי האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט די געזעצן
פאַרשמוצן, און קיינאַך להכעס פאַרקערט טאָן...
מען פלעגט זיך אין גלויבן נישט שטערן אַפילו,

און יעדער געזאָגט האָט זיין אייגענע תפילה:
דער קריסט אין זיין קלויסטער, דער ייד — אין בית מדרש,
דאָרט מעביר געווען איז ער שבת די סדרות,
דאָרט האָבן געקלונגען די זיסע הבטחות
מיט עונג פון שבת די וויפילטע דורות . . .
אָט שטייען די קלויסטערס געפּאַקטע מיט קריסטן,
עס ברענען אין ליכטער די גאָטישע שויבן.
מיט פרומער התפעלות דעם יום טוב באַגריסט׳ן
און ס׳שפּרייט זיך אַ ווייכער, אַ וואַרעמער גלויבן.
און איבער צלמים עס פינקלען די שטערן,
דער שניי איז אַ פרישער אָט נאָר וואָס געפאַלן,
און גלעקלעך פון שליטנס עס לאָזן זיך הערן,
און אָגערס צעהיצטע — פון וואַרעמע שטאַלן . . .
מען גייט און מען פאָרט פון די דערפער און כוטאָרס —
די פריצים פאַרוויקלט אין בערישע פוטערס,
די פויערים: — איינפאַך און פּראָסטע זשיפונען,
פון אייגענעם באוול גענדרייט און געשפונען.
און לאפּטשעס געפלאָכטן פון זויבערער ליקע,
און פויערטעס יונגע, צעגאָסענע, דיקע,
און חשובע פריצטעס, און עלטערע פּאַנעס,
און בעטלער אין דרויסן אַרום די פּאַרקאַנעס
מיט ליכט אין די הענט און מיט פּאַטשערקעס פרומע —
ווי קאַליקעס אַלטע געבויגן אויף שטעקנס —
פאַר מיילן געהונקען אויף קולעס אויף קרומע, —
אַהער אַזש געקומען פון אַלע פיר עקן, —
זיי האָבן געבעטן מיט אויגן מיט שטומע
און דורשטיקע ליפּן נדבות פון עולם,
געקושט יעדע האַנט ווי דעם הייליקן צלם,
געבעטלט ביי פריצים פאַרוויינטע נדבות
אין ליכטיקן אָנדענק פון זייערע אבות,
אין ליכטיקן אָנדענק פון הייליקן יעזוס . . .

אַזוי זיינען זיי מיט די שניי׳יקע מעזשעס
געגאַנגען אַריבער די פעלדער פאַרשנייטע.
מען איז אויך געקומען מיט שליאַכן מיט ברייטע,
מיט שטעגן און וועגן צופוס און אויף שליטנס —
געהונקען, געפאָרן, געגאַנגען, געריטן, —
געקומען פון ווייט דאָ אַזש קוים מיטן לעבן
ביי יעזוסן בעטן די זינד צו פאַרגעבן . . .

טאָ זאָלן איצט האַרציק די תּפֿילות צערינען:
אין דעם וועלן אפֿשר זיי איצטער געפֿינען
פֿאַר מידער נשמה אַ שטיקל מנוחה . . .

און ביטער דאָן האָבן געקלאָגט זאוועררוכעס
מיט וואָיען פֿון וועלף און מיט ווילדע געשרייען.
זיי האָבן געטראָגן פֿאַרפּושנעטע שנייען,
געיאָגט און געשמיסן, פֿאַרקערט זיי אין קופּעס
באַלד הויך אַזש מיט פֿויערשע אַלטע כאַלופּעס, —
די סליאַדן פֿאַרשאָטן, די וועגן פֿאַרטראָגן,
אַז מען האָט קיין שפּור נישט געקאָנט אונטערשיידן, —
אַזוי דורך די נעכט ביז די גרויע פֿאַרטאָגן,
די גרויע פֿאַרטאָגן פֿון ווייסע קאַליידן.

אין קלויסטער איז וואָרעם פֿון שוויס און פֿון פּעלצן.
די ליכט אין די רערן, זיי פֿינקלען און שמעלצן,
זיי ווערן דאָרט אָבער קיינמאָל נישט פֿאַרלאָשן.
דעם וואַקס האָבן פֿויערים אַלטע געגאָסן,
זיי האָבן אַליין אויך געצויגן די קנויטן —
די ליכט מיט אַ פֿאָדעם פֿאַרבונדן אַ רויטן,
און ערב קאַלייד זיי געבראַכט אין באזשניטשע
מיט גלויבן אין גאָט, אַז ער וועט זיי באַשיצן,
ער וועט זיי באַשיצן און וועט זיי פֿאַרגעבן
די זינד, וואָס זיי טראָגן אין זינדיקן לעבן.

און איצטער דער קלויסטער געפּאַקט איז מיט מענטשן,
זיי זיינען געקומען דעם אויבערשטן בענטשן, —
זיין הייליקן נאָמען צו לויבן און דאַנקען.
און ס׳פֿינקלען די ליכט אין די רערן און צאַנקען,
דער זיסלעכער ווייראַך שלאָגט אַזש ביז חלשות
צעמישטער מיט טראָן און מיט דזשעגאַכץ־געררוכן,
און ס׳רינען פֿון ליפּן אַזוי פֿיל בקשות,
און אויגן פֿאַרטרערטע, זיי צווייפֿלען און זוכן,
זיי זוכן דעם אמת אין טונקעלן קלויסטער,
פֿון יום טוב צעשטראַלטע זיי זוכן אַ טרייסטער —
אַן ענטפֿער אויף פֿראַגעס אַ סך נישט געלייזטע,
און ס׳ווילט זיך דעם עולם דאָרט לענגער פֿאַרברענגען
און האָרכן די דרשות פֿון גלח דעם שטרענגען,
און בעטן מחילה און קניען כּסדר,

און קושן צום וויפילטן מאָל זיינע קליידער —
דעם זוים כאָטש באַרירן מיט דורשטיקע פינגער,
און קושן זיין האַנט און זיין גילדערנעם צלם, —
ביז וואַנענט ס׳וועט ווערן אַזוי עפּעס גרינגער,
ביז וואַנענט אַהיים ס׳וועט צעגיין זיך דער עולם . . .

דערווייל האָט די נאַכט זיך כמעט ווי פאַרלאָשן
און בלויער עס זיינען געוואָרן די שנייען.
דער טאָג האָט מיט זילבערער קעלט זיך באַגאָסן
און נאָכדעם צעמישט זיך מיט הענערשע קרייען,
וואָס האָבן פון דערפער זיך ווייטע דערטראָגן,
ווען ס׳זיינען די גלאָקן פאַרשוויגן געוואָרן.
דער עולם האָט זיך שוין גענומען צעפאָרן
און ס׳האָט איבער ליטע גענומען דאַן טאָגן.
דער ווינטער אויף מאָרגן פלעגט שמעקן קאַטויליש:
אין בראַנפן און בראַגע, אין קויליטשן פרישע,
אין ווייצענע בליִנעס און צוקערלעך זיסע,
און פערד אויסגערוטע פון וואַרעמע סטיילעס
אין גרינגע, אין פּריצישע שלייקעס געשפּאַנטע
דאַן פלעגן זיך נעמען אויף וועגן פאַרמעסטן: —
געיאָגט ווי די רוחות מיט פעלדער באַקאַנטע,
אַז ס׳האָבן זיך קראָען אַפילו אין נעסטן
דערשראָקן פון יענע פאַרשייטע געיעגן.
נאָר שטאָלץ זיינען דאַמאָלסט די ליטווישע וועגן
אויף הונדערטער מיילן צעצויגן געלעגן
מיט יידישע קרעטשמעס, אכסניות און הויפן,
מיט יידישע קראָמען און ברייטע טראַקטירן,
ווו ביר פלעגט מען צאַפּן פון דעמבענע קויפן
און ווו ס׳פלעגן פריינטלעך שטיין יידישע טירן.

אכסניות, און קרעטשמעס, און מילן, און פאַכטן
האָט דאָרטן געהאַלטן דער ייִד אין אַרענדע,
און אויב מען זאָל וועלן דאָס איצטער באַטראַכטן —
געוווּסט ווי צו פירן האָט ער זיין גערענדע.
דער פּריץ איז רייך — וועט אים אויך שוין נישט פעלן.
אָ, זאָל מען נאָר לעבן און זאָל מען נאָר וועלן: —
אַזוי פיל פאַרדינסטן, אַזוי פיל פּרנסות —
די פעלדער, זיי וואַרטן אויף פויערשע קאָסעס,
די וועלדער — אויף אַלטע, געניטע שאַפאַרעס,

די קלייטן — אויף סוחרים פון פלאַקס און פון זאָמען,
אויף דייטשן פון פרייסן און יידן מעקלאַרעס.
אויך וואַרטן מיט סחורות געפּאַקטע די קראָמען,
און געלט דאַרף דער פויער דאָך תמיד, אוודאי, —
ער וועט דאָס שוין קומען ביים יידן אַנטלייען,
און וועט אים באַצאָלן מיט קי פון זיין סטאַדע,
מיט פיש פון די טייכן — מיט קאַרפּן און שלייען,
מיט בולבעס און חלב געוואויגן אין פודן,
געמאָסטן מיט פולע, מיט קופּיקע לויפן, —
און אַלעמאָל פול זיינען יידישע בודן,
און אַלעמאָל פול זיינען יידישע הויפן.

אין יידישע שענקען פלעגט קומען דער פויער
פאַרטרינקען זיין צער, און זיין פרייד, און זיין טרויער —
דאָרט זיצן אַ ווייל ביי געהייצטע הארובעס
און בלאָזן פון פּיפּקע דעם רויך צו די לובעס.
דאָרט פלעגן זיך פויערים מעשיות דערציילן,
ווי ס׳זיינען גזלנים געזעסן אין היילן,
ווי ס׳האָט זיך אַ שד ביי אַ שכן פאַרנאַדעט,
אַזוי האָבן דאָרטן די קעפּ זיי געטשאַדעט
אין רויך און אין בראַגע פון ביטערע האָפּן,
געשפּיגן, געכראַקעט אויף ריינער פּאָדלאָגע
— און איינשלאָפן אָפט מיט די פויסטן צוקאָפּן
בפרט אין אַ ווינטער נאָך ערב אַ חגא.

ס׳אי וואַרעם ביים יידן, ס׳אי גוט דאָרט צו טרינקען,
מען קען דאָרטן רויכערן, שפּייען און שטינקען,
מען קען די געטראַנקען מיט רעטעך פאַרבייסן,
מיט ברויט און מיט הערינג געבראַכט אַזש פון פרייסן,
מיט זעלטענע הערינג, וואָס רינען מיט שמאַלצן
און שייערן אָפּ די נשמה געזאַלצן . . .
אָ, יענע נשמה פון ליטווישן פויער,
וואָס האָט זיך געקוואָלן אין פרייד און אין טרויער,
וואָס האָט זיך געקוואָלן אין פריינטשאַפט און ליבע, —
פון יענער נשמה איז גאָרנישט פאַרבליבן.

נאָר דאַמלסט אַפילו, אַז ס׳האָט שוין געטראָפן
און ס׳איז אַ געשלעג זיך אַ ווילדער פאַרלאָפן:
מען האָט זיך צעקריגט אינעם שענק צוליב עפּעס,

און ס׳האָט ווי אַ ווינט זיך אין אָפענע סטעפּעס
פאַרדרייט אַ געראַנגל מיט שטורעם און שרעקן,
און ס׳האָבן געהויבן זיך פויסטן און שטעקנס —
געפּאַלן אויף קעפּ און צעבלוטיקטע מאָרדעס
אַזוי ווי אין קאַמף מיט צעיושעטע האָרדעס —
דאַן האָבן די שלעגער גלייך שולדיקע, שטילע
אויף מאָרגן געבעטן ביים יידן מחילה,
דעם יידן מען האָט בישט געוואָלט טאָן קיין בייזן,
ווי אָפט פלעגט ער זיי פון דער סעזשע אויסלייזן,
ווי אָפט פלעגט ער גיין פאַר אַ קריסט אין שתדלנות,
ווי אָפט ער פלעגט האָבן אויף זיי דאָרט רחמנות . . .
זיי האָבן דאָס אַלצדינג געוווסט און באַנומען
און טאַקע צוליב דעם צום יידן געקומען, —
געקומען צו אים ווי צופרידענע שכנים,
ווייל מען האָט מיט אים געוואָלט לעבן אין איינעם
אָן רשעות, אָן שינאה, אָן שרעק און פאַגראָמען,
ווייל ער האָט מיט שטאָלץ דאָרט געטראָגן זיין נאָמען,
מען האָט אים געקאָנט און מען פלעגט פון אים האַלטן
ווי פון אַ בעל יועץ, אַ תושב אַן אַלטן,
מען פלעגט פון אים שטענדיק פאַרנעמען די עוצות . . .
דערפאַר פלעגן פריצים אַפילו די לייצעס
פאַרקערעווען הייסן גאַנץ אָפט צו דעם יידן.
זיי פלעגן דאָרט קומען פון גרויסע ירידן,
פון הייליקע מעסעס, פון לובלין און קראָקע —
דאָס איז שוין געוועזן דעם יידנס חזקה . . .
מען האָט דאָרט געטרונקען, געגעבן צו לייזן,
און זיינע אכילות מיט תאווה געגעסן,
און אָפט דאָרט ביז שפּעט אין דער נאַכט זיך פאַרזעסן,
און קיינמאָל געקוקט אויפן יידן מיט בייזן . . .

אַזוי פלעגן פריצים זיך ברייטלעך פאַרפאָרן
אין יידישע קרעטשמעס די אָגערס צעשפּאַנען.
אויף דרויסן דער ווינטער האָט וואַזשנע געפראָרן,
און ס׳איז שוין אַ שליטוועג אַ גוטער געשטאַנען.
די פריצים פאַרוויקלט אין וויקלעס אין ברייטע,
פאַרמאַטערט פון זייערע לאַנגע נסיעות
אַריינקומען פלעגן מיט שטיוול פאַרשנייטע,
מיט ווייסע פאַרפראָרענע וואָנצעס און וויעס
אין קרעטשמע דערוואַרעמען זייערע ביינער.
דער טיש איז געשטאַנען געגרייט דאָרט אַ שיינער,

אַן אַלטער, אַ שווערער מיט הילצערנע קלאַפּעס,
מיט פיס די געטאָקטע ווי בערישע לאַפּעס . . .
דורך דורות עס האָבן די מאָל אים געפּרעסן : —
די לייסטן, די שוועלן, די ברעטער דעמבאָווע,
אַז מען האָט זיין עלטער שוין איצטער פאַרגעסן . . .
אים פּלעגט מען בלויז נוצן פאַר געסט האָנאָראָווע : —
פאַר ליטווישן אדל און סאַמע יחסנים
אויף אים פלעגט מען געבן אַ קבלת פּנים . . .
מען פלעגט אים דורכויס מיט אכילות באַשטעלן —
פון כל טוב, וואָס איינעמען פלעגט נאָר געפעלן :
פאַרשיידענע בלינעס און זיסע קיסעלן,
פּעטשאַ אַ פאַרקילטן אַ ליימענע שיסל,
און סמעטענע סלויעס פאַרזייערטע אַ ביסל,
און בולבעס געשטיקטע מיט זויערמילך קאַלטן,
און קעזן פאַר חשובע געסט גאָר געהאַלטן,
און טייערע ווורשטן פון וואַרשע געבראַכטע,
מיט וואָס ס׳פלעגט זיך לאָבן די פּוילישע שלאַכטע,
און פּופּיקלעך, גריוון, און פליישן געהאַקטע,
און בולבענע באָנדעס אויף בלעטער געבאַקטע,
און פלאַטעס געפּילטע מיט כריין אָנגעריבן,
און ברוקנעס געקאָכטע דורך זומער געקליבן
אין ליטווישע וועלדער און נאַסע „דעליאַנקעס,״
און באַרנעס געטריקנט אויף הייסע „לעזשאַנקעס,״
און ביר צו פאַרטרינקען מיט שוימיקע קוואַרטן,
און וויין און נאַליווקע — פאַרשיידענע סאָרטן : —
פון קאַרשן און פלוימען, און עפּל־קוואַס ווייסן
וואָס האָט אַזש געשמט איבער זשאַמעט און רייסן
און האָט זיך דערטראָגן אַפילו ביז פּוילן.

די פּריצים, זיי פלעגן זיך דאַמלסט נישט פּוילן,
זיי האָבן געריבן די אַלע געקעכצן
און פלעגן פאַרמאַטערט פון עסן אַזש קרעכצן,
און ווישן דעם שוויס פון די איידעלע פּליכעס.
ביז וואַנענט ער פלעגט זיך שוין נעמען צום טייסטער
אַזוי פלעגט זיך ווילגיין דער ליטווישער יחוס
מיט האַנט אַזאַ ברייטער דעם יידן באַצאָלן : —
אַ, יאַנקל, אויף קאָכן דו ביסט דאָך אַ מייסטער,
פון דיינע אכילות דער בויך ווערט געשוואָלן, —
אַ שאָד מען קען מער שוין נישט עסן, אַ שאָדן . . .

אַזוי האָבן יידן אויף ליטווישן באָדן
געלעבט און געדאגהט און קינדער געבאָרן.
אַזוי זיינען דורות געגאַנגען און יאָרן
געלייגט האָבן טיפע פאַרפלאָנטערטע סליאדן.
דער ייד האָט געקליבן דאָרט דורות־לאַנג נדן
און אויסשטייערס האָבן געניית דאָרטן כלות,
און זיידעס, זיי האָבן אין תפילין און טלית
אַ לעבן־לאַנג שחריתן פרומע געדאַוונט.
די זיידעס געקליקטע, אין לעבן באהאוונט
זיי האָבן געוווסט ווי זיך דאָרטן צו פירן,
און ס׳זיינען געשטאַנען די יידישע טירן
צעפּראלט פאַר אַן אורח אויף הייליקן שבת.
די פענסטער פאַרמאַכט און פאַררוקט אויף די שטאבעס —
זיי האָבן געפּראַוועט אַליין ביחדות
מיט אַלע פאַרצייטיקע פשוטע מידות
די אַלע מנהגים ווי גאָט האָט געהייסן.
דער ייד האָט זיין ברויט דאָרט געגעסן מיט שווייסן
פון אייגענער פראצע אַן ערלעך פאַרדינטן,
און ער האָט געליבט דאָרט דעם שניי און די ווינטן,
די ליטווישע וועלדער און פעלדער צעגרינטע,
די לאָנקעס און סעדער אין פרילינג צעבליטע,
די טייכן מיט וואַסערן פול ביז די ברעגן,
די הימלען די גרויע און עלנטע וועגן,
וואָס פלעגן אים פירן אין היים זיינער — ליטע.

אָ, ליטע, איך האָב צו דיר איצט אַ סך טענות,
נאָר פונקט ווי אַ מאַמען איך קאָן דיך נישט האַסן.
עס קלינגען נאָך איצט פאַר מיר זיס דיינע „דיינעס״,
און כ׳קען ניט פאַרגעסן דיין הימל דעם בלאַסן.
איך קען נישט פאַרגעסן . . . ווען איך זאָל דאָס וועלן
אַפילו אַרויסרייסן פון מיין זכרון.
ווי ליב און ווי טייער עס זיינען די שוועלן
פון דיינע כאלופּעס מיר איצטער געוואָרן.
ווי טייער מיר זיינען געוואָרן די בריקלעך,
די גאניקעס אַלטע פון היימישער סביבה,
וואָס פלעגן דיך אויפנעמען וואַרעם און גליקלעך
צוזאַמען מיט פויערים פראָסטע, נאַיווע . . .

די גאניקעס יענע, אָ, וואָס פאַר אַ כוח

זיי האָבן געהאַט דאָרט אין ליטע אַנומלט!
זיי האָבן פאַרמאָגט אַ באַזונדערן ריח —
די היינטיקע שטאָט האָט נאָך דאָרט נישט געטומלט . . .
עס פלעגט זיי דער פרילינג באַגיסן מיט בליטן,
און ווינטן אין זיי פלעגן שפּעטיקע רוישן,
און ס׳פלעגט זיי דער ווינטער מיט שנייען באַשיטן,
און אַלעמאָל האָבן געשמעקט זיי אין דרויסן,
אין דרויסן אין קילן, אין פייכטן אין געלן,
ווען הארבסט פלעגט באַנעצן דאָרט זייערע שוועלן,
נאָר זיי זיינען האַרציקע אַלץ נאָך געשטאַנען
פאַרבענקטע נאָך געסט זאָלן קומען פון וואַנען . . .

און דאָרטן ביי זיך, אויף די גאַניקעס יענע
מען פלעגט דיך באַגריסן מיט פרייד „לאַבאַ דענאַ“,
און יידן געקושט האָבן דאָרט די מזוזות,
און טונקעלע שאָטנס פון וואַרעמע בעזן, —
זיי האָבן זיך תמיד געשפּיגלט אין לוזשעס
אויב ס׳אי נאָר דער זומער אַ נאַסער געווען.
די ליטווישע לוזשעס, די ליטווישע בלאָטעס,
דאָס היי וואָס געפוילט האָט אין וואַרעמע סטויגן,
די וועלדער און סעדער, — שוין לאַנג ווי מיך האָט עס
אין ליטע מיט מאַמעשער ליבע דערצויגן.
דאָרט האָב איך זיך אויכעט געלערנט צו שעצן
די טייערע ווערטן פון ליטווישע דיכטער,
כ׳פלעג מיינע ליפּן מיט לידער באַנעצן
און זיין פון זיי שטענדיק מער שיכור ווי ניכטער . . .

מיצקעוויטש, קודירקע און שפּעטער מייראָניס —
פון זיי כ׳האָב געזויגן מיין ערשטע יניקה,
זיי האָבן געשאָנקען מיר גרויסע מתנות: —
דעם ריח פון ליטע, פון היי און פון וויקע,
דעם ריח פון עפּל, פון „ווייסע אָליוונע“,
פון „האָזן קעפּ“ בלייכע און רייפע „אפּאָרטן“,
דעם ריח פון ביר און פון פריילעכע פּיוונעס, —
די ריחות איך שמעק נאָך ביז היינט אַזש פון דאָרטן,
פון דאָרטן, פון ליטע זיי קומען באַזוכן
מיך דאָ אין דער פרעמד, אין מיין איצטיקן טרויער . . .

אָ, וויפיל פאַרשיידענע זיסע גערוכן

עס שמעקן שוין איצטער פֿאַרשימלט און זויער! . . .
פֿאַרשימלט און זויער . . . געוויס, ס'איז אַן אמת.
ווער קען איצטער שרייבן פון ליטע פֿאַעמעס? —
און אויב ס'וועט ווער שרייבן — וועט שרייבן בלויז קינות
מיט בלוט און מיט טרערן פֿאַרווייניטע ווי תחינות . . .

מיין ליטע, מיין היימלאַנד, ווי קען איך דאָס גלויבן
אַז דו האָסט די יידן ביי זיך דאָרט געשאָכטן,
אַז דו האָסט געבראָכן די יידישע שויבן,
און דערנער אין כשרע בערד האָסט פֿאַרפלאָכטן . . .
מיין ליטע, וואָס האָט דאָרט מיט דיר איצט געטראָפן,
ווו האָסטו גענומען דעם ווילן צו שעכטן,
דעם ווילן צו רויבן, צו שענדן און שטראָפן? . . .
ווי ביסטו באַגאַנגען אַזאַ מין פֿאַרברעכן! . . .

די הענט זיינען דיינע מיט בלוט היינט באַגאָסן,
דאָס בלוט וועסט שוין קיינמאָל פון זיי ניט פֿאַרוואַשן.
עס האָט זיך אין דיר דיין בזיון פֿאַרלאָשן
און ס'זיינען פֿאַרפולט איצט מיט מאָרד דיינע גאַסן.
אוי, ליטע, וואָס האָט דאָרט פּאַסירט פֿאַר אַ פייער! —
דו האָסט דאָך פֿאַרטיליקט באַלד מער פון צוויי דריטל
פון די, וואָס עס האָבן געהאַלטן דיך טייער,
פון די, וואָס עס האָבן געצויגן דאָס היטל
דיך יעדן טאָג גליקלעך, פֿאַרליבט צו באַגריסן.
וואָס איז דאָרט געוואָרן, ווו איז דיין געוויסן,
וואָס האָסטו געטאָן צו די האַרציקע יידן
וואָס האָבן געלעבט ביי דיר שטיל און צופרידן,
וואָס האָבן קיין פליג פון דער וואַנט ניט געטריבן? —
ווו זיינען זיי אַלע אַצינדער געבליבן? —
ווו זיינען זיי אַלע? — דו האָסט זיי דערוואָרגן
אין זויבערער קילקייט פון העלן פרימאָרגן,
אין העלן פרימאָרגן, אין קילן און פרישן —
אַזוי ווי אַ חיה דו האָסט זיי צעריסן
מיט דיינע פֿאַרבלוטיקטע נעגל אַצינדער,
דו האָסט זיי דערשטיקט — דיינע אייגענע קינדער! . . .
דו האָסט זיי געיאָגט מיט אַ בלוטיקן שטעגל,
ווי הינט אויף געיעג אַ צעיושעטע סטייע,
און טיפער געקראַלט דיינע בלוטיקע נעגל
אין יידישע קערפּערס אַזוי ווי אַ חיה! —

אַזוי ווי אַ חיה, אַ פאַלשע היענע,
וואָס לעבט נאָר פון רויב און פון ביינער וואָס פוילן . . .
אַ ניין, מאַמע־ליטע ביסט וויט שוין נישט יענע
וואָס איך האָב געקענט נאָך : — אַן בלוט און אָן גרוילן ! . . .

מיין ווייטאָק איז טאָפּלט, איך לייד איצט פאַר צווייען.
אַ גואל, אַ טרייסטער, אַ, גיי און געפין נאָר . . .
עס שטיקן מיך ווילדע, פאַרצוקטע געשרייען —
איך לייד פאַרן יידן און פאַר דעם ליטווינער.
איך שעם זיך אים פשוט צו קוקן אין פנים,
ווייל כ׳ווייס אַז ער האָט מיינע ברידער געקוילעט
אַזוי ווי אַ גזלן, אָן קיין שום רחמנות,
ביים שיין פון דעם ליכטיקן ליטווישן מולד.
אַ, איצטער, — אוודאי, — איך ווייס שוין, איך קאָן אים,
דעם העסלעכן מערדער וועל איך שוין נישט טרויען.
מיין ענטפער וועט זיין איצט — מיין הייסע נקמה ! —
נקמה פאַר כשרע יידישע פרויען,
נקמה פאַר קינדער און מאַמעס און טאַטעס,
פאַר עלנטע, ליידיקע יידישע כאַטעס
פון מיאוסע רויבער אין נאַכט צעראַבירטע —
נקמה פאַר יידישע טעכטער פאַרפירטע,
נקמה פאַר אַלטע פאַרפּייניקטע זיידעס,
פאַר גאַנצע פאַרטיליקטע יידישע קהילות,
וואָס זיינען אַוועק צו די שוואַרצע עקדות,
און דאָרטן געפאַלן ווי בלוטיקע עדות
אין לעצטע הריגות מיט הייליקע תפילות, —
מיט הייליקע תפילות אויף העלפט נישט דערזאָגטע,
אויף זייערע ליפּן מיט ווייטאָק צעגאָסן,
ווען ס׳האָבן זיך זייערע אויגן פאַרקלאָגטע
מיט האַרבסטיקע שקיעות אויף אייביק פאַרשלאָסן . . .
און הויך וואָלט איך וועלן אַצינד אַ געשריי טאָן
די וועלט זאָל דערזען און די וועלט זאָל דערהערן,
און דאַמלסט וועט אפשר אַזוי דאָך נישט ווי טאָן,
און ס׳וועלן נישט שטיקן אַזוי מיך די טרערן,
און אפשר מיין ווייטאָק וועט לייכטער דאַן ווערן . . .

נאָר ווי קען איך איצטער זיך העלפן און טרייסטן,
ווי קען איך פאַרגעסן, ווי קען איך זיך נויטן, —
ווען מען האָט מיין ליבע צו ליטע, מיין הייסטע,

באַגעגנט מיט מאָרד און מיט שרעקלעכע טויטן! . . .
ווען מען האָט מיין ליבע באַגעגנט מיט שחיטה,
מיט האַס און מיט מאָרד און מיט ציינער, וואָס קריצן . . .
און איך האָב געמיינט נאָך, מיין טייערע ליטע,
אַז דו אין אַ צרה וועסט מיך נאָך באַשיצן,
אַז דו וועסט פאַרהיטן מיין בידנעם פאַרמעגן —
האָסטו גאָר אַליין אין די ווילדע געשלעגן
אַן אנטייל גענומען מיט רויבער און שינדער,
און שעכטן געהאָלפן זיי יידישע קינדער,
און שענדן געהאָלפן זיי יידישע טעכטער . . .
מיט שמוציקע הענט און מיט פּרעכן געלעכטער
האָסטו זיי געהאָלפן מיין קדושה פאַרשוועכן.
אָ, ליטע, באַרעכן זיך איצטער, באַרעכן
און קוק טאַקע איבער דיין שוואַרצן סך הכל, —
ס'אי נאָנט שוין דיין משפּט, אָט קומען די עדות:
אָט ליגט אַ פאַרבלוטיקטער ווייבערשער יאַקל,
אָט טראָגסטו די העמדער פון אונדזערע יידעס,
וואָס אויסגעטאָן האָסטו פון זייערע לייבער.
אָט טראָגן מיט גדלות אַצינד דיינע ווייבער
די צירונגען פון מיין געהרגעטער באָבען,
וואָס אונטער מיין שוועל האָסטו ציניש באַגראָבן . . .
אָט קומען די עדות, אָט זיינען זיי אַלע: —
אַ שלייער איך זע פון אַ יידישער כלה,
אַ קופּערנער כיור און אָט — אַ פּרוכת . . .
אָט ליגן אין קופּעס צעשפּאָלטענע מוחות,
אָט איז נאָך אַ פּרישער פאַרבלוטיקטער שאַרבן,
מיר דאַכט פון אַ קינד, וואָס האָט נישט געוואָלט שטאַרבן,
וואָס האָט צו זיין מאַמען זיך טויטער געקלאַמערט
ביז ס'האָט אים געטראָפן דער קלאַפּ פון דיין האַמער . . .

און ווייטער, — אָט ליגט אַ צעריסענער טלית
צוזאַמען מיט רעשטלעך פון יידישן דלות.
אָט זע איך אַ שטריימל, אַ יידיש היטל
און אָט איז אַ ווייסער, אַ הייליקער קיטל,
אָט וואַלגערט זיך עלנט אַ זילבערנער בעכער
פון וועלכן מיין טאַטע געמאַכט האָט נאָך קידוש,
אָט ברענט נאָך אַ שול, און אָט ברענען נאָך דעכער
און ס'וואַלגערט אַליין זיך, פאַרשעמט, ביחידות
אַ הייליקע תורה געשענדטע, — מיט לעכער

איר פאַרמעט צעקנוילט און באַשמוצט, און באַשפּיגן . . .
אוי, ווי איז מיר ליטע, — אָט זיינען, אָט ליגן
אַזוי פיל הרוגים : — מיין חבר מיין בעסטער,
מיין שכן, מיין קרוב, מיין איינציקע שוועסטער,
מיין ברודער, מיין רבי — אין גסיסות פאַרגאַנגען,
זיי הענגען אויף טרוקענע ביימער צעהאַנגען . . .
רבונו של עולם, ווי קענסטו איצט שווייגן ! —
אַזוי פיל קדושים אויף בלוטיקע תליות,
אַזוי פיל צעהאַנגען אויף טרוקענע צווייגן
פון דיין פאָלק ישראל אין הארבסטיקע שקיעות . . .

אוי, ליטע, אָט הער איך געשרייען פון ראָבן,
זיי פליען אויף פעלדער ווו דו האָסט באַגראָבן
די הייליקע קדושים — דיין פינסטערע גזילה,
און כ׳פיל ווי דו שטינקסט אין פאַרפוילטער נבלה
און ווי עס ווערט קרעציק דיין ערד און דיין הימל,
אַז ס׳וועט זיך דאָרט וואַקסן איצט שעמען אַ בלימל,
און דו אַליין ליטע, וועסט אויך אַ פאַרשעמטע,
פאַרבלייבן אויף אייביק אין ווייען פאַרקלעמטע
אַ טרוקענע ליגן פון חרפה און בושה . . .
דו וועסט זיך דערשטיקן פון אונדזער ירושה
וואָס דו האָסט פון אונזערע היימען געירשנט . . .
דו וועסט זיך דערשטיקן אין סעדער פון קאַרשן,
און פריילינגען וויכע, וואָס האַלטן אין בליען,
אין הארבסטן אין נאַסע, ווען שטאָרכן פאַרפליען
פון דיינע בית עולמס צו וואַרעמע לענדער.
די וועלט האָט אַ שופט פאַר רויבער און שענדער : —
וועסט מוזן דערווייזן, וועסט מוזן דערקלערן
למאי האָסט געטרונקען די יידישע טרערן,
למאי האָסט אין יידישן בלוט זיך געבאָדן.

אוי, ליטע, מיין היימלאַנד, — אַ ביטערער שאָדן,
אַ שאָדן וואָס אויך דו געמאַכט האָסט יד אחת
מיט מיאוסע מערדער, מיט שווינדלער און רויבער.
איך טו איצט אַ תפילה, אַ תפילה בלחש
פאַרקלעמטער אַליין אין דער פינסטערניש טויבער,
ווען כ׳האָב איצט די שורות דאָ מיינע פאַרשריבן —
מען זאָל דיך אַ שולדיקע איצטער פאַרגעבן,
נאָר ווי קען איך ווייטער דיך שעצן און ליבן,

ווען דו האָסט צעשטערט אונזער פרידלעכן לעבן,
ווען דו האָסט מיין טאַטען און מאַמען געקוילעט
ביים שיין פון דיין וואַרעמען, ליכטיקן מולד,
ווען דו האָסט פאַרוואַנדלט דיין לאַנד אין אַ בוינע,
און האָסט זיך פאַרנומען מיט בלוטיקער שחיטה,
און האָסט זיך פאַרקויפט ווי אַ שמוציקע זונה —
אוי, ווי איז געשריען, מיין טייערע ליטע! . . .

איך ווייס נישט, איך קען נישט פאַרשטיין למאי האָסטו
געלאָזן פון רוצחים זיך מיאוס פאַרפירן,
למאי ס'האָבן הענט דיינע פויערשע, פּראָסטע
געוואָלט זיך מיט יידישע צירונג באַצירן,
למאי ס'האָבן אויגן זיך דיינע צעצונדן
פון יענעמס געכאָוועטן אַלטן פאַרמעגן —
און האָסט אויך צוזאַמען געפליקט און געשונדן
מיט יענע פאַרברעכער אויף פינסטערע וועגן.
למאי האָסטו, ליטע, מיט זיי זיך פאַרבונדן
און שריפות אין אייגענע היימען געצונדן?! —
נו, זיכער וועסט זאָגן, זיי האָבן געצוווּנגען,
זיי האָבן דיך צינדן און רויבן געהייסן! —
טאָ וואָס האָסטו דאַן איבער וועלט נישט צעקלונגען
מיט גלאָקן פון יענעם פאַרברעכן דעם גרויסן!
מיט גלאָקן, מיט שופרות צעשפּרייט און צעבלאָזן
די פינסטערע גרוילן, די שרעקלעכע נייעס! . . .
פאַרקערט: — דו האָסט זיי גאָר ראַבירן געלאָזן
און זיי נאָך געהאָלפן, די בלוטיקע חיות! . . .
יאָ, זיי, — אָ, מיר קענען זיי לאַנג שוין די פּריצן,
די שמוציקע, מיאוסע דייטשישע מאָרדעס! . . .
נאָר דו מאַמע־ליטע, — דו האָסט דאָך באַשיצן
געדאַרפט אונז פון יענע צעיושעטע האָרדעס.
דו האָסט דאָך געזען, אַז מיט יידישע בלוטן
עס ווערן שוין פול דיינע רואיקע טייכן, —
און דו האָסט באַגעגנט די פּריצן מיט גוטן, —
אָ, ווי זאָל איך איצט דיך מיט דייטשלאַנד פאַרגלייכן! —
אָ, וואָס פאַר אַ צרה, אוי, וואָס פאַר אַ פייער
עס האָט מיט דיר, ליטע, דאָרט איצטער געטראָפן,
אַז די, וואָס עס האָבן געהאַלטן דיך טייער —
די וועלן גאָר דאַרפן אַליין זיך באַשטראָפן . . .

נאָר גיי און באַשטראָף איצט אַ לייבלעכע מאַמען
אַפילו ווען זי האָט געביסן מיט שלאַנגען . . .
מיר זיינען דאָך פאָרט דאָרט געוואַקסן צוזאַמען,
טאָ ווי קען איך שטראָף פאַר דיר איצטער פאַרלאַנגען ! —
אָ, ניין, די דערלייזונג מיר וועלן דערגרייכן
איצט נישט מיטן מעסער און נישט מיט דער תליה ! —
זי ליגט אין די וויטן, זי ליגט אין די הייכן,
זי ליגט איצט אין ליטעס אין אייגענער שקיעה . . .

דער הימל, ער קלאָרט שוין, די נאַכט איז אַריבער,
עס קוקט שוין די זון עפּעס מילדער און ליבער,
עס זיינען פאַרשוווּנדן די בלוטיקע פלעקן
צוזאַמען מיט עקל, מיט גרויל, און מיט שרעקן.
עס בלאָזן שוין פרילינגדיק וואַרעמע ווינטן,
די בלוטיקע שחיטה, זי ליגט שוין פון הינטן
און ווידער צוריק וועט דאָס פעלד ווערן גרינער,
דאָס בלוט וועלן אָפּוואַשן איצטער די שלאַקסן,
און אויפגיין וועט דאָרטן אַ נייער ליטווינער,
און ווידער וועט גערשטן און ברויט דאָרטן וואַקסן . . .

נאָר ווי זשע, פון וואַנען וועט קומען די גאולה,
פון וואַנען וועט קומען דער היינטיקער טרייסטער,
פון וואַן וועט ער ברענגען די לאָגלען די פולע
מיט טרייסט און מיט גלויבן ? — פון וואַנען, ווי הייסט ער ? —
וועט ער זיין משיח, צי וועט ער זיין איוב ? —
אָ, ניין, ער וועט קומען פון מינסק און פון קיעוו, —
פון רוסישע שטעט און פון רוסישע פליינען,
פאַר אים וועט מען מערער נישט דאַרפן שוין וויינען,
נישט דאַרפן זיך שרעקן, נישט דאַרפן באַהאַלטן . . .

אַזוי ווי די זון דורך פאַרבאַרגענע שפּאַלטן
וועט ער זיך צעגיסן, אַ שפּאַר טאָן, פאַרפלייצן, —
אַזוי ווי די זון פאַרפלייצט פעלדער מיט ווייצן . . .
דאָס וועלן זיין רוסן, טאַטאַרן, קירגיזן : —
עס האָבן פון תמיד די רוסישע שפּיזן,
די רוסישע פּיקעס און ביקסן, און שווערדן
געקעמפט פאַר דער פרייהייט אויף זייערע ערדן,
און איצט, אָט זיי זיינען דאָ אויך שוין דערגאַנגען
דערשטיקן די קאַלטע, די גיפטיקע שלאַנגען . . .

יאָ, רוסלאַנד, ס׳אי פול דיין פאַרצווייגטע געשיכטע
מיט ליכטיקע העלדן, מיט מעשים גערדיכטע,
מיט גרויסע נצחונות פאַר פרייהייט און יושר,
מיט קאַמפן אַנטקעגן דיין אייגענעם קייסער,
דיין אייגענעם מלך, וואָס האָט דיך געפּייניקט
פאַר אייגענעם ווילזיין און אייגענעם תענוג . . .

אָט : — מינין־פּאָזשארסקי, דערנאָך סטענקע ראַזין,
און שפּעטער, — די ליכטיקע זין דעקאַבריסטן,
זיי האָבן פאַרטיידיקט דאָרט איטלעכען סאַזשען
אין פאָטערלאַנד דיינעם, אין גרויסן און וויסטן . . .
דערנאָך קאַרל מאַרקס, — האָסט אויך זיינע געררוסן
מיט ערנסט אין לעבן אין דיינעם פאַרנומען,
פון אים האָבן פיל זיך געלערנט די רוסן,
ביז וואַנענט ס׳איז לענין און סטאַלין געקומען.
און דאַן האָב איך זיכער געוווּסט און פאַרשטאַנען,
אַז דיך וועט נישט אויסוואָרצלען מערער דער שונא,
אַז איצטער דיין לאַנד וועט שוין קיינמאָל פאַוויאַנען, —
ווייל איר האָט געגומען זיך האַלטן אין איינעם,
ווייל איר האָט געוווּסט וואָס איר ווילט, וואָס ס׳אי בויטיק
און איר האָט אויך יענעם געטרייסט אין זיין ווייטאָג,
איר האָט אים געהאָלפן, ווייל קעמפער פאַר יושר,
זיי קענען נישט דולדן קיין פירער, קיין קייסער —
זיי ווילן די מענטשהייט די גאַנצע דערלייזן
פון שמוץ און פון איבל — מיט גוטן צי בייזן, —
אַפילו ווען זיי זאָלן ווען נישט איז דאַרפן
אַ שטאָך טאָן אין רוקן אַ מעסער אַ שאַרפן . . .

נאָר היינט האָט זיך דאָ נישט גערעדט פון קיין מעסזער,
עס איז די סכנה געוווען אַ סך גרעסער
מען זאָל זי באַקעמפן מיט ליידיקע פויסטן.
אין רוסלאַנד אין גרויסן, אין רוסלאַנד צערוישטן —
פון דאַן ביז דער וואָלגאַ, פון אָב ביז אָנעגאַ
עס האָבן אַ שפּאַר זיך געטאָן מיט די וועגן
דורך בלאָטעס און שטורעמס, דורך האַרבסטיקן רעגן,
דורך קעלטן סיבירער און ביטערע שנייען
אין ראָטעס און פּאָלקן די רויטע אַרמייען
מיט זעלנערשן טראָט אין דער האַרטער כאַלאַווע —
די זין דיינע, רוסלאַנד, די קעמפער די בראַווע . . .

מיט ביקסן און קוילן, מיט הייסע גראַנאַטן
אַזוי ווי פּאַרצייטן: אין זוואַניעס און ראַטן —
פּעכאָטע און רייטער, גוסאַרן, קאָזאַקן,
פון זון און פון קעלטן סיבירער פּאַרבאַקן,
פּאַרברענט און פּאַרביסן, אין שלאַכטן פּאַרלידטן: —
מיט פליער פון אויבן, מיט טאַנקען אין מיטן,
מיט פייער און פּולווער, מיט לאַנגע אָבאָזן —
מען האָט זיך אין קאַמף מיטן שונא געלאָזן,
אין קאַמף מיטן העסלעכן, בלוטיקן שונא —
צוזאַמען גאַנץ רוסלאַנד — ווי איינער אין איינעם —
מיט פּיקעס און שווערדן, מיט הייסע גראַנאַטן
אַזוי ווי פּאַרצייטן — אין פּאָלקן און ראַטן . . .

און רוסלאַנד, ווער קען דיינע קעמפער פּאַרצאַמען
דעם וועג צו דיין גרויסן, צעשטראַלטן נצחון? —
ווען יעדערער גייט דאָרט באַשיצן זיין מאַמען
פון רויב און פון פייער, פון ביטערע יאָכן! . . .
זיין לאַנד, און זיין ערד, און זיין פרידלעכן טויער
פון זיינע צעזונגענע, גליקלעכע כוטאָרס.
אָ, וועלכער גוטמוטיקער, רוסישער פּויער
וועט לאָזן פּאַרשקלאַפן זיין לאַנד און זיין מוטער?! —
זאָל זיין דאָס אין פּענזע, אין מינסק צי קאַלוגא,
אין אָרענבורג אָדער אין וויטער סאַמאַרע . . .
אָ, פּרוווט נאָר אין ווינטער, אין שנייקער וויזגא
אַראָפּטרייבן אים פון זיין הילצערנער נאַרע!
און זאָל זיך נאָר עמיצער שטעלן אַנטקעגן
זיין ווילן, זיין פרייהייט און זיינע באַגערן —
וועט יענער געוויס שוין פּאַרשפּאָרן צו פרעגן
דעם וועג צו זיין היים, ווי אַזוי זיך צו קערן . . .

אַזוי ביסטו רוסלאַנד: — צוויי שאַרפע עקסטרעמען:
געהאָרכזאַם און פריינטלעך און אוי, קענסטו געבן
צוריק אין די ציינער, ווען עמיצער נעמען
וויל עפּעס ביי דיר פון דיין פרידלעכן לעבן.
אַזוי האָסטו אויך איצט דערפילט די געפאַרן
וואָס דראָען דיין היימלאַנד — די פרייע סאָוועטן,
און ס'האָט זיך דיין חיל גענומען דאַן שפּאַרן
פון אַלע פיר עקן — פון קיינעם געבעטן,
פון קיינעם גערופן און קיינעם געצוווּנגען.

די מחנות, זיי האָבן גאַנץ רוסלאַנד פאַרקלונגען: —
הורא, קעגן שונא! . . . מען וועט אים באַווייזן
וואָס הענט מיינען שטאַרקע געשמידט ווי פון אייזן,
וואָס מיינט, ווען מען האָט נאָר אַ ווילן צו וועלן . . .
מען וועט אים באַווייזן, וואָס ס'מיינען די שוועלן
פון רוסישע הייזער און רוסישע שטיבער
פאַר יענעם, וואָס וויל מיט געוואַלד זיי אַריבער.
מען וועט זיי באַווייזן, די שמוציקע כאַפּערס,
וואָס מיינט דאָ ראַבירן, פאַרכאַפּן נישט דיינע,
ווען זיי וועלן פּרוּוון די קרעציקע לאַפּעס
פאַרוואַרפן אויף רוסלאַנד און רויטער אוקריינע . . .
אַ, זאָלן זיי פּרוּוון, די יונקערס און פּריצן
פאַרציִען דעם בלוטיקן ערשטן געראַנגל . . .
נישקשה, זיין לאַנד קען שוין איצטער באַשיצן
דער רוסישער פייער פון קרים און ארכאַנגעלסק!

און דאַן האָט אַ פּלייץ געטאָן רוסלאַנד מיט זוואָדן,
מיט ראָטעס, מיט פּאָלקן אין גאַנצע אָטריאַדן.
זי האָט פאַר איר בלוטיקסטן שונא געלאָדן
דורך טאָג און דורך נאַכט עשאַלאָנען סנאַראַדן,
און צוגן מיט פּולווער, מיט סם און מיט פייער,
און ס'האָבן אַ שפּאַר זיך געטאָן די באַפרייער:
די רויטע אַרמייער, די סאָקאָלן קלאָרע . . .
זיי זיינען געפלויגן, געריטן, געפאָרן
אויף טראַקטאָרס און טאַנקען מיט ביקסן און שפּיזן,
זיי האָבן די קרעציקע יונקערס באַוויזן
ווי רוסלאַנד קען קעמפן, ווי רוסלאַנד קען שלאָגן,
וואָס אימפּעט און גבורה די רוסן פאַרמאָגן.
זיי האָבן באַוויזן דעם דייטשן, דעם פּלאַדער
וואָס כוח עס האָבן די זין סטאַלינגראַדער,
די זין די קאַזאַנער, די זין די כערסאָנער —
קאָזאַקן אוראַלער, קובאַנער און דאָנער,
די אַרבעטער פון אַרום דווינע און דניעפּער . . .
זיי האָבן באַוויזן די דייטשישע שלעפּער —
ווי אָדלערס, ווי רויטע פון זייערע נעסטן —
אַז ס'לוינט נישט דעם דייטש זיך מיט זיי צו פאַרמעסטן,
אַז ס'לוינט נישט צו קריכן אויף רוסישע ערדן, —
ווייל שאַרף זיינען רוסישע פּיקעס און שווערדן.

אַזוי שוין פון תמיד, פון סאַמע פאַרצייטן:
עס לוינט נישט מיט רוסלאַנד צו קעמפן און שטרייטן —
זי האָט דאָך קיינמאָל נאָך קיין קריג נישט פאַרלאָרן.
ס׳נעמט צייט איר, אוודאי, עס נעמען איר יאָרן
און אָפטמאָל פלעגט נעמען אַזש באַלד אַ יאָרהונדערט . . .
אַמאָל, ווען דאָס לאַנד איז געווען באַזונדער
צעריסן אויף שטיקער פון פירשטן און פּריצים, —
איז שווער זי געווען פון פיינט צו באַשיצן,
דאַן פלעגט מען באַפאַלן זי פון אַלע זייטן:
פון ליטע, פון פוילן, פון אסטראכאַן ווייטן —
ליטווינער, פּאָליאַקן, טאטארן, קירגיזן
פאַר רוסלאַנד געשאַרפט האָבן דאַמלסט די שפּיזן,
און האָבן געקריצט דאַן מיט זייערע ציינער.
נאָר ווער איז געבליבן פון זיי דאָרטן? — קיינער!
ס׳האָט קיינער געקאָנט דאָרט אין גרויסקייט באַזיגן,
און רוסלאַנד געבליבן אַ גאַנצע איז ליגן
פון באַלטישן ים, ביז די קאַספּישע סטעפּעס,
פון הייסן קאַווקאַז ביז דער שנייקער טונדרע,
און קיינער האָט איר נישט באַצוווּנגען מיט עפּעס —
אַזוי פון קדמונים, שוין וויפיל יאָרהונדערט . . .
און איצטער בפרט נאָך, ווען אַלע צוזאַמען
זיי ליבן, זיי שעצן דאָס לאַנד ווי אַ מאַמען —
אַ מאַמע אַ גוטע, אַזאַ מין געטרייע —
האָט ס׳פאָלק זיך גענומען זיין מאַמען באַפרייען
פון וויסטע באַנדיטן און טעמפּע אַגרעסאָר,
און ער האָט גענומען דאַן שאַרפן זיין מעסער
פאַר קרעציקע העלדזער פון בלוטיקן שונא,
פאַר דייטשישע קוילער פון וועלטישער בוינע,
פאַר וועלטישער גרעסטער און שמוציקסטער זונה! . . .

אַמאָל איז געווען אַ קוטוזאָוו, סוואָראָוו,
אַמאָל איז געווען אויך אַ פּיאָטר וועליקי —
פון היינטיקן רוס אַ לאַנגאַניקער קרוב —
מיט אייזערנעם ווילן און ניכטערע בליקן,
אים האָט זיך פאַרוואָלט אויף דעם ברעג פון דער נעווע,
וווּ ס׳האָט בלויז געשריען אַן איינזאַמע מעווע,
וווּ ווינטן געברומט און געראַשט האָבן קאַלטע
און שווער איז געווען דעם שטראָם צו פאַרהאַלטן —
דאָרט האָט זיך פאַרוואָלט אים די קוואַלן פאַרשטאָפּן

און בויען אַ פענסטער אַרויס צו אייראָפּע.
איצט האָבן די זין פון די פרייע סאָוועטן
פאַרהיטן געדאַרפט יענעם פענסטער באַוווסטן,
און זיי האָבן אַלע אַנטבלויזט באַיאָנעטן
און האָבן פאַרשטעלט אים מיט זייערע ברוסטן,
מיט זייערע ברוסטן ווי פאַנצערס געשמידטע,
מיט הענט ווי צעאַקערט פון האַרטע מאַזאָליעס, —
אָט זיי האָט מען איצטער דאָס אָנגעטרויט היטן
די גרויסע, די שווערע, די רוסישע דאָליע

סוואָראָוו, קוטוזאָוו, — די בראַווע סאָלדאַטן
געיאָגט האָבן מחנות, געשנידטן, געטאָפּלט . . .
אָ, אַלע געדענקען נאָך היינט די קאַרפּאַטן —
דעם טערק, דעם פראַנצויז, — נאַפּאָליאָן, סעוואַסטאָפּל . . .
צוויי וויכטיקע דאַטעס, צוויי דאַטעס באַוווסטע,
און איצט איז געקומען אַ דאַטע אַ דריטע,
ווען זין סטאַלינגראַדער מיט זייערע ברוסטן,
מיט ברוסטן אַזוי ווי פון אייזן געשמידטע, —
פאַרשטעלט האָבן העלדיש דעם וועג פאַר די קוילן
אַזוי ווי זיי קענען, ווי ס'איז זייער שטייגער,
און האָבן געלאָזן די נאַציס דאָרט פוילן
אָט פונקט ווי אַן אַלטן, פאַרווערעמטן פּגר . . .

אַמאָל האָט סוואָראָוו די שלאַכטן געוווּנען
און איצטער האָט זשוקאָוו זיך דאָרטן געפונען,
ס'איז רוסלאַנד קיינמאָל נישט צוקורץ אין קיין זיגער,
און היינט איז זי דאָך אַ סך שטאַרקער און קליגער,
זי האָט זיך געלערנט און זי האָט דערפאַרן,
זי האָט זיך געלערנט אין אירע געפאַרן,
זי האָט זיך געלערנט און האָט גוט באַנומען
אַז ס'קען די גאולה פון דאָרטן נאָר קומען,
פון דאָרט, ווו עס איז שוין נישטאָ מער קיין שקר,
ווו פעלקער, זיי לעבן אין אחדות און פרידן,
ווו ס'רופן צו פרייהייט די זעלביקע גלעקער
דעם רוס און דעם טאָטער, דעם דייטש און דעם יידן,
ווו אַלע צוזאַמען מען בויט און מען אַרבייט,
ווו ס'קוקט נישט דיין שכן אויף דיר ווי אַ שפּאַרבער
מיט בלוטיקע נעגל און בלוטיקע אויגן,
ווו דו קענסט איצט האַלטן דיין קאָפּ נישט געבויגן

מיט אַלע סאָוועטישע פעלקער אין איינעם,
ווו קיינער וועט מער זיך נישט שרעקן פאַר קיינעם —
אַפילו אויך נישט פאַר די אייגענע שכנים:
פאַר זייערע מעסערס און זייערע שווערדן —
די גאולה וועט קומען פון רוסישע ערדן . . .

און איצטער, אָט איז ער דער גואל, דער טרייסטער.
איר ווייסט נישט זיין נאָמען? — ווער איז ער, ווי הייסט ער? —
ער איז נישט משיח, ער הייסט אויך נישט איוב,
ער קומט פון אָדעס, פון סאראטאָוו און קיעוו,
ער איז דער סאָוועטישער ייד און ציגיינער,
ער איז דער כאַכאָל, און דער רוס, און דער טאָטער,
ער איז בלויז אַ מענטש און אַ פריינט איז ער דיינער,
און טרייסט אַזאַ סך פאַר דיר אַלעמאָל האָט ער . . .
ער איז דער סאָוועטישער האַרציקער פויער,
וואָס איז איצט געקומען דיך טרייסטן אין טרויער:
אין דיינע פאַרלוסטן פון גרויליקער שחיטה,
וואָס דו האָסט פאַרפירט איבער אונז, מאַמע־ליטע . . .

דער הימל, ער קלאָרט שוין, די נאַכט איז געענדיקט.
עס איז שוין אַריבער דער שטורעם, דער ווילדער.
די שפּורן פון רויב, — אָ, זיי זיינען נאָך קענטיק,
נאָר ס׳שיינט שוין די זון עפּעס גרעסער און מילדער,
און איצטער האָב איך דאָ אַליין, אייגנהענטיק
פאַרשריבן דעם בלוטיקסטן לעצטן קאַפּיטל
אין נאַכט אין דער גרויסער פון הייליקן ניטל —
דעם לעצטן קאַפּיטל פון יידישע שחיטות
פון אונזער יאָרהונדערט אויף ערדן אויף ליטעס . . .

איך ווייס, אַז זיי זיינען געווען פון די לעצטע,
זיי וועלן זיך מער שוין דאָ נישט ווידערהוילן:
מען האָט שוין געכאַפּט יענע מערדער באַקרעצטע,
זיי הענגען אויף תליות, און אַנדערע פוילן
פאַרשפאַרט ווי די חיות אין פינסטערע תפיסות,
און צאַפּלען אין אייגענע לאַנגזאַמע גסיסות . . .

איך ווייס, אַז ס׳וועט מערער שוין קיינער נישט דאַרפן
זיין חלף, זיין מעסער און שווערד זיינעם שאַרפן.
אַצינד וועט מען זייען און שאַפן און בויען,

ווייל איצטער מען קען זיך געוויס שוין פאַרטרויען
די אַלע דערלייזער, די אַלע באַפרייער:
די זון פון דעם גרויסן, דעם רויטן אָקטאָבער, —
איצט וועט דאָ שוין קאָנען מיין ליטע די נייע
פון ס׳ניי אירע פעלדער פאַרזייען מיט האָבער,
מיט גערשטן און ווייץ און מיט גילדערנע ברויטן
פאַר נייע, פאַר פרידלעכע, גליקלעכע שכנים.
איצט וועט מען שוין לעבן צוזאַמען אין איינעם
אָן ביטערן פּחד פאַר טויזנטער טויטן! . . .

איז גוט אונז . . . אַז ווייל איז צו אונז טאַקע איצטער:
מיר זיצן שוין אַלע אין היימען באַשיצטע,
מיר לעבן שוין ווייטער, מיר לעבן צופרידן . . .
נאָר וווּ זיינען יענע געקוילעטע יידן! —
ווי זאָלן מיר זייערע נעמען פאַרגעסן
דורך טעג און דורך נעכט און דורך שוואַרצע מעת לעתן,
דורך וואָכן, חדשים, דורך עלנטע יאָרן??
וואָס איז מיטן פאָלק מיינעם איצטער געוואָרן? —
וואָס מאַכט ער, וואָס טוט ער, וווּ איז ער געבליבן,
וווּ איז איצט זיין קדושה, זיין שיינקייט, זיין תורה? —
איך ווייס שוין: — ער לערנט מיך ווייטער צו ליבן
מיט ליכטיקן גלויבן, אָן ציטער און מורא
די ערד, וווּ מיין וויג איז אַמאָל נאָך געשטאַנען,
די ערד, וווּ ס׳איז איצטער שוין יושר פאַראַנען —
צו ליבן די איצטיקע ערדן, די רויטע
פון מאַמע־לאַנד ליטע. אוודאי, איך ווייס שוין —
זי ליבן אין נאָמען פון אַלע קדושים,
אין נאָמען פון אַלע פאַרפּייניקטע טויטע.
און דאָס וועט מיין ווײ אפשר שטילן אַצינדער: —
כ׳וועל זען ווי ס׳צעוואַקסט זיך דאָס לאַנד פאַר די שכנים . . .
נאָר וווּ איז מיין טרייסט דען? — אָן יידישע קינדער,
אָן יידישער יוגנט, אָן יידישע זקנים,
אָן יידישע גדולים און יידישע דיכטער,
אָן פראָסטן און האַרציקן יידיש גערעדטן —
בלויז מיט אַזאַ אַלטער און שווערער געשיכטע
פון גרויסע נביאים און טויטע פּאָעטן . . .

אוי וויי, אַזאַ גרויסער און פולער בית עולם
אין שיין פון דעם קאַלטן, דעם העסלעכן מולד . . .

אַז גוט איז אים איצטער, אַז גוט און אַז וואויל אים!
שוין בעסער וואָלט מיך אויך דער מערדער געקוילעט!
ווי קען איך דאָס צוזען, ווי קען איך פאַרגעסן
דעם שרעקלעכן בראָך, וואָס עס האָט מיך געטראָפן
דורך טעג און דורך נעכט און דורך שוואַרצע מעת לעתן!...
איך קען מער נישט גלויבן, איך קען שוין נישט האָפן,
און אויב ס'איז אַפילו געקומען אַ טרייסטער —
זאָל זיין ער פון נצרות, פון רוים צי פון קיעוו —
וואָלט איך שוין פון אים דאָ אַליין אַ דערלייזטער
נישט וועלן פאַרבלייבן. נאָר איצט פונקט ווי איוב
וואָלט איך וועלן שילטן די ערד און די הימלען,
פאַרשילטן דעם מילכוועג דעם העלן, די שטערן
זיי זאָלן אין אייגענעם לייכטן פאַרשימלען
און פינסטער אויף אייביק זאָל אומעטום ווערן!
יאָ, פינסטער און ליידיק אַזוי ווי פאַר בראשית,
ס'איז גרינג דאָך צו טרייסטן, אוודאי, איך וויס עס,
ס'איז גרינג אויך אַפילו ווי קדושים צו שטאַרבן,
נאָר שווער איז צו לעבן, ווען טויזנטער פאַרבן,
זיי האָבן זיך איצטער אין שוואַרצן צעגאָסן
אַזוי ווי דער שפּעטער פאַריתומטער אָסיען —
צעגאָסן מיט טרויער, מיט עלנט מיט שוואַרצן,
מיט שיבעה, מיט ווייטאָק אין טיף פון מיין האַרצן...

און איינער אַליין דאָ אָן שוועסטער און ברידער,
אָן יידישע קינדער און יידישע לידער,
אָן שחרית און מעריב, אָן שבת און קידוש,
אָן האַרציקן פּראָסטן און טייערן יידיש —
איז שווער דאָך צו לעבן און שווער איז צו זיין דאָ,
און אויב עס וועט יאָ שוין אַפילו אַ שיין טאָן
אַ בעסערע זון פון אַ וועלט אַ באַפרייטער,
וועל איך אַלץ פאַרבלייבן דער זעלביקער טרוימער
אַפילו אין וועלט אין דער נאָר־וואָס באַנייטער,
און כ'וועל נאָך אַלץ טראָגן דעם זעלביקן ווייטאָק
דורך זומערן הייסע און זילבערנע שניי־טעג,
דורך הארבסטיקע, נאַסע און לאַנגע מעת לעתן,
ווען ס'שרייען אין עלנט אַריין אַלטע סאָוועס —
וועל איך יענעם ווייטאָק נישט קענען פאַרגעסן,
און בלוטיקן וועל איך פאַר אונזערע אבות,
וואָס זיינען געפאַלן פאַרברענט אויפן שייטער

מיט ווונדן, וואָס האָבן געגעצט און געאײַטערט, —
פאַרברענט, ווײַל מען האָט זײ גישט אַלע דערקוילעט
ביים שיין פון דעם בלאַסן, דעם שמוציקן מולד, —
פאַרברענט, ווײַל מען האָט זײ גישט אַלע באַגראָבן
אין פינסטערע נעכט, ווען געקלאָגט האָבן ראָבן
מיט שיבעה, מיט קריעה, מיט צער נאָך דער שחיטה —
פאַרברענט אויף די שייטערס פון מאַמע־לאַנד ליטע.

יאָהאַנעסבורג — 1945

קאַם אין — קום אַריין.
יעס, אָווקאַס, איי עם איי דזשו — יאָ אוודאי כ׳בין אַ ייד.
קאָל מי סיידי — רוף מיך סיידי.
טשיקן־בראָט — הינערשע זופּ.
הייד פּאַרק ספּיקערס — רעדנער אין הייד פּאַרק.
טשערטש — קירכע.
טשיפּ דזשעקס — הענדלער מיט ביליקע סחורות, קליינינקייטן.
לאָוו ענד סעקס — ליבע און סעקס.
ספּיקערס — רעדנער.
באָנד סטריט, מייפער — רייכע גאַסן אין לאָנדאָן.
דזשין — אַזאַ מין בראָנפן.
גוד לאַק — זאָל זיין מיט גליק — לחיים.
וויטער — קעלנער,
שמויז — פּעדלער, קאַראַבעלניק.
מערטשנט — סוחרים.
פּאַפּע — אַן אַפריקאַנישע פּירה.
טשיף — עלטסטער.
יאָדע פאָלק — יידישע פאָלק.
סאקא־באָנאַ — גוט מאָרגן.
וויטריאָטערסראַנד — יאָהאַנעסבורג.
וואַראַביקעס — דרום אַפריקאַנער דערנער־קוסטן.
פראָטעאַ — אַפריקאַנער בלום.
פּריקליפּער — שטעכעדיקע באַרנעס.
מיליס — קוקורוזע.
פּיקינין — קליינער קאַפּערל.
פּאָל קרוגער — ערשטער אַפריקאַנישער פּרעזידענט.
פּיט רעטיף — גרויסער בורישער פּירער.
סעטלער — באַזעצער, איינוואַנדערער.
ראַנד — יאָהאַנעסבורג און אומגעגנט. דאָס זעלביקע וואָס ריף.
פורטרעקערס — די ערשטע בורישע איינוואַנדערער אין טראַנסוואַל.
בורי־וואָר — בורן־קריג.
טשאַקאָ, דינגאַן — 2 גרויסע קאַפערישע טשיפן.